ביבליאָטעק פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" (81) № 9

בײַלאַגע צום זשורנאַל נומ. 9, 1987

ייִסראָעל קאָוועלמאַן

# נאָטיצן וועגן ייִדישער גראַפֿיק און מאָלערײַ־קונסט

פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" • מאָסקווע • 1987

אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע
פון אַרן ווערגעליס

יִסראָעל קאָוועלמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1904 אינעם שטעטל מאָנאסטירישטשע, קיִעווער גובערניע. לויט דער ספּעציִעלער בילדונג — אַן אינזשעניער־בויער, קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן, מיטגליד פונעם ארכיטעקטאָרן־פאַרבאַנד פון פססר. געאַרבעט אַף פאַרשיידענע בויונגען, דערנאָך אין וויסנשאַפטלעכע ארכיטעקטור־און בויונגס־אינסטיטוטן. אַוטאָר פון ארטיקלען און בראָשורן וועגן פּראָבלעמען פון ארכיטעקטור און בויונג. בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זיך באַטייליקט אין דער בויונג פון שוץ־אָביעקטן הינטער מאָסקווע און סטאַלינגראַד. אָנהייבנדיק פון 1970 פאַרעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" ארטיקלען איבער פראגן פון העברעיִסטיק און קונסט. וווינט אין מאָסקווע.

# אקאדעמיקער פון מאָלערײַ־קונסט
# ייִצכאָק אשקענאזי

ייִצכאָק אשקענאזי איז איינער פון די ערשטע קינסטלער אינעם פאר־רע־וואָליוציאָנערן רוסלאַנד, וועלכער האָט אין זײַן שאפונג געשענקט פיל אָרט דער ייִדישער טעמאטיק.

געבוירן געוואָרן איז י. אשקענאזי דעם 16 יאנואר 1856 אינעם שטעטל דריסע (הײַנט ווײַסרוסלאַנד) אין א סאָכרישער פאמיליע. זײַנע עלטערן זײַנען געווען פרומע ייִדן און האָבן זייער זון — דעם קינפטיקן קינסטלער — געגעבן א רעליגיעזע דערציִונג, נאָר שוין צו 14 יאָר (אין 1870) איז דאָס ייִנגל אוועק זיך לערנען אין דער פעטראָגראַדער קונסט־אקאדעמיע. די ערשטע צײַט איז ער דאָרט געווען א פרײַער צוהערער, און פיר יאָר ארום געוואָרן א סטודענט. דעם לערן־קורס האָט ער געענדיקט אין 1879. דאָרט, אין דער אקאדעמיע, האָט ער נאָך געטראָפן דעם קינפטיקן בארימטן סקולפּטאָר מארק אנטאָקאָלסקי, וועלכער האָט זיך פאריגטערעסירט מיט אשקענאזיס בילדער און זיך ווארעם אָפּגערופן וועגן זיי.

פאר אויספילן אף א הויכן ניוואָ די פּראָגראַם־ארבעטן פונעם לערן־קורס איז י. אשקענאזי פיל מאָל באלוינט געוואָרן מיט מעדאלן, מע האָט אים געגעבן דעם טיטל קלאסן־קינסטלער פון ערשטער מאדרייגע, און אלס אזעלכער איז ער געשיקט געוואָרן אף פיר יאָר אין אן אקאדעמישער רײַזע קיין אויסלאַנד. בײַם דער רײַזע האָט ער באזוכט עסטרײַך, דײַטשלאַנד, איטאליע, א היפּשע צײַט געוויילט אין ווין און אין רוים. זומער 1882 האָט ער, געפינענדיק זיך אין בראָד, וואָס האָט דעמלט געהערט צו עסטרײַך, אָנגעשריבן עטיודן צו זײַנע פארטראכטע בילדער פון ייִדישן טיפּאזש, באזונדערס עטיודן, געווידמעט די ייִדישע עמיגראַנטן, וואָס זײַנען געלאָפן פון רוסלאַנד קיין אמעריקע.

אומגעקערט זיך אין 1885 קיין פעטערבורג, האָט ער צוגעשטעלט דער אקאדעמיע די בילדער, וועלכע ער האָט געשאפן בייס זיין רייזע: „דער טאליען מיטן קאָפּ פון יויכאָנאַן דעם טויפער“ און „מוישע ראביינו אין דער מידבער“. פאר די דאָזיקע בילדער האָט ער אין עלטער פון 30 יאָר באקומען דעם טיטל אקאדעמיקער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אשקענאזי געארבעט מערסטנטייל אָף היסטאָרישע און שטייגערישע סוזשעטן. זעלטן אויך אָף פּאָרטרעטן און פּייזאזשן.

ייִצכאָק אשקענאזי איז געשטאָרבן דעם 6 דעקאבער 1902 אין עלטער פון קארגע 47 יאָר.

צו אשקענאזיס וויכטיקסטע ווערק פונעם היסטאָרישן זשאנער דארף מען פארעכענען די בילדער „מוישע ראביינו אין דער מידבער“ (1885) און „קויהעלעס“ (1900). מוישע ראביינו איז באוויזן ווי א זאָקן מיט א האדראס־פּאָנעם, וואָס זיצט אין דער מידבער אָף א פעלדז און איז פארטאָן אין מאכשאָוועסן. לעבן אים פּיטערט זיך א טשערעדע שאָף. לויט דער רעקאָמענדאציע פון פּאוועל טשיסטיאקאָוו, וואָס איז געווען א פּראָפעסאָר אין דער קונסט־אקאדעמיע, האָט דאָס בילד אָפּגעקויפט פאר זיין גאלעריי טרעטיאקאָוו. אין די סאָוועטישע יאָרן איז דאָס בילד אריבערגעפירט געוואָרן פון דער טרעטיאקאָווער גאלעריי אינעם מוזיי פון דער קונסט־אקאדעמיע.

דאָס בילד „קויהעלעס“, אָדער „העוועל האוואָלים“, האָט דער קינסטלער געשאפן אונטערן איינדרוק פון זיינע היימישע איבערלעבונגען. אפן בילד איז באוויזן, ווי שלוימע האמעלעך זיצט אפן טראָן. דאָס פּאָנעם און די הענט דריקן אויס זיין סקעפּטיש־פּעסימיסטישע שטימונג. צופוסנס פונעם טראָן ליגן צוויי שקלאפן־לייבהיטער און עס זיצט אן איבערשרייבער, וואָס הערט זיך צו צום קיניגס רייד און פארשרייבט זיי אָף פּארמעט. דער טראָן־זאל איז רייך באפוצט. די ווענט — באמאָלט מיט אָרנאמענטן. אָף זיי זיינען אָנגעשריבן מיט אוראלטע העברעיִשע אויסיִעס די נעמען פון דריי יידישע שוואָטים (ביניאָמין, עפראיִם, מענאשע).

אָף „קויהעלעס“ האָט דער קינסטלער געארבעט בעערעך זעקס יאָר צייט. דאָס ווערק איז עקספּאָנירט געוואָרן אָף דער אקאדעמישער אויסשטעלונג אין פּעטערבורג און אָף דער צווישנפעלקערלעכער אויסשטעלונג אין פּאריזש. דער אָריגינאל ווערט געהיט אינעם מוזיי פון דער קונסט־אקאדעמיע. זיינע רעפּראָדוקציעס זיינען געדרוקט געווען אין זשורנאל „ניוואַ“ (נומ. 21 פארן 1901 יאָר) און אין דער „יידישער ענציקלאָפּעדיע“ (Еврейская энциклопедия).

אשקענאזין געהערן אויך צוויי אנדערע בילדער אָף ביבל־טעמעס: „האָגאָר מיטן זון ייִשמאָעל, וועמען אווראָהאָם טרייבט ארויס פון זיין שטוב“ (אקאדע־מישע פּראָגראם פון 1878) און „מוישע ראביינוס טאטע־מאמע“ (1891). אפן

ערשטן בילד איז באוויזן, ווי דער גוטהארציקער, בעקאָוועדיקער זאַקן אוורא־האָם באגלייט מיט א ראכמאָנעס־בליק און מיט א בראָכע די יונגע שווארצינקע שקלאפן האַגאַר און איר זון ייִשמאָעל. פונעם געצעלט קוקט זיי נאָך מיט בייזע אויגן די שיינע זקיינע סאָרע. דאָס צווייטע בילד שטעלט פאָר א סצענע אף דער פארמאכטער טעראסע אינעם הויז פון מוישע ראביינוס עלטערן. אפן דיל — א קויש מיטן אייפעלע מוישע; לעבן קויש זיצט אף די קני, די הענט פארלייגט אהינטער, מוישעס מאמע; ניט ווייט פון איר זיצט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ דער טאטע, אָנגעטאָן ווי א שקלאף; לעבן דער טעראסע — מוישעס שוועסטער. דורכן פאָרהאנג זעט מען אן עגיפּטישן פּייזאזש מיט פּיראמידעס, ארום שפּרייט זיך א לייכטער רויך פון די קוילן, וואָס ברענען אונטערן דרייפוס, איבער וועלכן עס הענגט א קעסעלע מיט פעך.

צום באדויערן, איז ניט פארבליבן פון אָט דעם בילד קיין פאָטאָקאָפּיע און עס איז אומבאוווּסט, ווו עס געפינט זיך דער אָריגינאל (דעם סוזשעט האָבן מיר דאָ געגעבן לויט דער באשרייבונג פון ד. מאגיד).

בא אשקענאזין זיינען פאראן אויך אייניקע עסקיזן אף ביבלישע סוזשעטן. אף איינעם פון די דריי עסקיזן אונטערן נאָמען „דער ערשטער קאמף" (1902) איז באוויזן, ווי כאווע גיט זויגן אירע אייפעלעך קאין און העוועל. דער עלטערער — קאין שטויסט אָפּ פון דער מאמעס ברוסט דעם יינגערן — העוועל, און דער טאטע אָדאָם קוקט אף דער סצענע מיט א שמייכל. אף די צוויי אנדערע עסקיזן פונעם זעלבן ציקל: קאין און העוועל שלאָגן זיך פאר די עלטערן אין די אויגן, און טאטע־מאמע קוקן אף דעם גוטמוטיק, מישן זיך ניט אריין; „העוועל איז דערהארגעט" — כאווע באגיסט זיך מיט טרערן, זי באוויינט איר אומגעקומענעם זון.

ווייטער גייען די עסקיזן: „ייִפטאָכס טאָכטער", „שימשן נעמט נעקאָמע", „אל נאהארויס באָוועל", „עסטער גייט צו אכאשווירעשן", „דער נאָווי", „און עס וועט זיין פרידן (יעשייעס נעווּע)".

אייניקע ווערק אשקענאזיס שילדערן די געשיכטע פון די ייִדן אין מיטלאלטער: „דער טויט פון יעהודע האלייווי" (אן עסקיז, 1881), „די מאראנען", אָדער „אין דער אונטערערדישער טפיסע" (1880); א ציקל עסקיזן — „די אינקוויזיציע באפאלט א געהיימען בעסמעדרעש פון די מאראנען", „מע ארעסטירט א מאראן אין א הייל", „פארן געריכט פון דער אינקוויזיציע".

צום היסטאָרישן זשאנער געהערט אויך דער ציקל ווערק אף עוואנגעלישע סוזשעטן: דאָס שוין דערמאָנטע בילד „דער טאליען מיטן קאָפּ פון יויכאָנאָן דעם טויפער" (אייל, 1885, געפינט זיך אין כארקאָווער מוזיי), „דער שטיינערן מאָנער און דער פאריסיי", „די זוינע לעם קריסטוסן" (ביידע פון 1879) און א ריי עסקיזן.

א היפשן טייל פון אשקענאזיס שאפונג פארנעמען די שטייגער־בילדער, אין וועלכע עס פילט זיך די ווירקונג פונעם דעמלט פּאָפּולערן אין די יידישע קונסט־קרייַזן מאָלער מ.־ד. אָפּענהיים. די וויכטיקסטע פון די דאַזיקע בילדער זייַנען: „טרויעריקע יעדיעס", „ערעוו שאבעס", „מע פארהערט א כאָסן" און „א יידישע כאסענע".

דאָס ווערק „טרויעריקע יעדיעס" (1887) באווייַזט די אטמאָספער פון אומרו און דערדריקטקייַט, וואָס האָט געהערשט אין דער יידישער סוויווע איבער די פּאָגראָמען און אנטיסעמיטישער העצע. אפן בילד „מע פארהערט א כאָסן" (1890) קאָן מען זען א כאראקטעריסטישע סצענע פונעם יידישן שטייגער אין פאָריקן יאָרהונדערט. א בלאס, פארשעמט דאר באָכערל מיט געקרייַזלטע פייעס שטייט באם טיש, בא וועלכן עס זיצן צוויי אלטע יידן — דער קאלעס טאטע און דער ראָוו. אין הינטערפלאן פונעם לייַוונט — א ייד מיט א יידענע טראָגן צום טיש קיבעד. „א יידישע כאסענע" (1890) איז א פאָרזעצונג פונעם פאָריקן בילד. די געסט קערן זיך אום פון דער כופּע. אפן הינטערפלאן — דער הויף פונעם בעסמעדרעש, וווּ עס שטייט די כופּע. אינמיטן גאס — דער כאָסן און די קאלע. הינטער זיי — קרויווים און געסט. אפן טראָטואר — דער ראָוו שמועסט מיטן שאמעס. אינטערעסאנט איז די גרופּע קלעזמער: צוויי זקיינים (א וויאָלאָנטשעליסט און א צימבאליסט) און צוויי יינגערע (א פידלער און א פלייטיסט). אלס דיריזשאָר און קאָנפעראנסיע טרעט ארויס דער באדכן. פאָרויס — א גרופּע טאנצנדיקע פרויען און יינגלער־קונדייסים, וועלכע לויפן נאָך דעם כאסענע־אוילעם.

אינעם אָדעסער קונסט־מוזיי געפינט זיך אן אנדער ווערק פון דעם זעלבן ציקל — „מאכשאָוועסן" (1892), אין ראָסטאָווער געגנטלעכן מוזיי — „דער וויאָלאָנטשעליסט" (1897), אין דער קורסקער געגנטלעכער בילדער־גאלעריי — פון דער געוועזענער וויסאָצקי־זאמלונג — „מיט א בוך אין האנט" (1898).

מיר וועלן דאָ איבערעכענען נאָך אייניקע אשקענאזיס ווערק, געווידמעט דעם יידישן לעבנשטייגער: „מוסער" — א טאטע מאכט פאָרווורפן זייַן זון; „ס׳איז קאלט" — א יינגל אין א צעריסענעם מאנטל; „דאָס ערשטע געהאלט" — א יונגער יאט ציילט איבער זייַן פארדינסט; „אין בעסמעדרעש" — יאָמקיפּער.

אייניקע זשאנער־בילדער, וועלכע זייַנען באקאנט לויט די רעפּראָדוקציעס אין זשורנאל „ניוואַ": „די שפּיל אין ביינדלעך", 1885 (נומ. 36, 1911), „וואנדערנדיקע שוסטערס" (נומ. 27, 1886), „געקומען בעטן א האלוואָע" (נומ. 16, 1892, געפינט זיך אינעם אָדעסער קונסט־מוזיי), „א וויזיט" (נומ. 26, 1903); אנדערע זשאנער־בילדער זייַנען באקאנט בלויז לויט די נעמען.

אשקענאזי האָט געשריבן פּאָרטרעטן פון אומבאקאנטע מענטשן אָדער פון אזעלכע, וואָס האָבן זיך מיט גאָרנישט ניט אויסגעטיילט. איינער פון אָט די

פּאָרטרעטן — „א ייִד א זאָקן" — געפינט זיך אין סמאָלענסקער געגנטלעכן קאַנטקענטעניש־מוזיי.

אשקענאזיס פּאָרטרעט האָט אָנגעשריבן דער קינסטלער וואסילי סאווינסקי (1881, מוזיי פון דער קונסט־אקאדעמיע).

דער קינסטלער מוישע מײַמאָן האָט אין זײַן געקראָלאָג וועגן י. אשקענאזי געשריבן, אז „אשקענאזי איז געווען באליבט סײַ אלס קינסטלער, סײַ אלס מענטש".

אשקענאזי איז געווען א קינסטלער פון דער רעאליסטישער שול. זײַן שעפערישע ירושע טאָר ניט פארגעסן ווערן.

●

## מוישע מײַמאָן

מוישע מײַמאָן, דער אקאדעמיקער אין געביט פון פּאָרטרעטן־מאָלערײַ און פון קונסטווערק אף היסטאָרישע טעמעס[1], איז געבוירן געוואָרן דעם 4 פעוורואל (23 יאנוואר לויטן אלטן סטיל) 1860 אינעם ליטווישן שטעטל וואָלקאָווישק. אין די קינדער־יאָרן האָט ער צוערשט געלערנט אין כיידער, דערנאָך אין דער אויעזד־שול. א געוויסע צײַט איז ער געווען א לערן־ייִנגל בא א זייגערמאכער און א פריקאזטשיק אין א באקאליי־קרעמל. זײַן אינטערעס צו מאָלערײַ האָט זיך ארויסגעוויזן זייער פרי. קינדווײַז פלעגט ער שאָענווײַז זיצן איבער ביכער און מאָלן קאָפּיעס פון די איליוסטראציעס.

באמערקט דעם ייִנגלס נייגונג צו דער מאָלערײַ־קונסט, האָט אים זײַן ייִדע אײַנגעאָרדנט אין דער ווארשעווער מאָלערײַ־שול. דאָרט האָט מײַמאָן זיך געלערנט צוויי יאָר, דערנאָך עטלעכע כאדאָשים אין דער ווילנער מאָלערײַ־שול.

צו 20 יאָר, אין 1880, איז מוישע מײַמאָן געוואָרן א צוהערער פון דער פּעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע, ווו ער באקומט די טיטלען קלאסן־קינסטלער פון ערשטער מאדרייגע (1887) און אקאדעמיקער (1893).

אין 1890—1891 האָט מײַמאָן צום ערשטן מאָל זיך אוועקגעלאָזט אף א רײַזע איבער פארשיידענע לענדער, באזוכט שפּאניע, פּאָרטוגאל, האָלאנד, ענגלאנד, ווו ער האָט געזאמלט מאטעריאלן צום בילד „מאראנען". אין 1905 איז

---

[1] אזוי האָט אין פּעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע געהייסן דער טיטל: академик портретной и исторической живописи.

ער ווידער ארויסגעפאָרן קיין אויסלאנד, דאָס מאָל, קעדיי אויסמײַדן רעפּרע־סיעס פאַרן בילד „ווידער אינדערהיים". ער האָט דאַן עטלעכע יאָר געלעבט אין האָלאַנד און ענגלאַנד.

די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט מוישע מײַמאָן זיך פאַרנומען דעריקער מיט פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט: געלייענט לעקציעס וועגן דער קונסט־געשיכטע אינעם „יידישן פאָלקס־אוניווערסיטעט", אונטעריכט די טעמעס פון פּערספּעקטיוו און צייכענונג אינעם ארבפאק באַם לענינגראַדער אינסטיטוט פון אײַזנבאַן־אינזשעניערן.

געשטאָרבן איז ער דעם 24 אַפּרעל 1924.

מוישע מײַמאָנען געהערן פאָלגנדע בילדער אף היסטאָרישע טעמעס: „דער טויט פון איוואַן דעם גרויזאַמען", „מאַראַנען" (אנוסים), „דער ערשטער רוסישער רעדאַקטאָר", „אַלעקסאַנדער I בא סעראַפים סאַראָווסקין אין מאָנאַכן־צעל", „אין די בערג פון טורענטשען".

אין דעם בילד „דער טויט פון איוואַן דעם גרויזאַמען" ווערט געשילדערט דער מאָמענט, ווי באַם טראָן האָוועך ארום צוויי דײַטשישע מעדיקער: איינער טאַפּט באַם גויסעס דעם דויפּעק, דער צווייטער קוקט אַרײַן אין זײַנע שוין קימאַט טויטע, אויסגעלאָשענע אויגן. דאָ געפינען זיך די הויכע באַאַמטע פונעם צאַרישן הויף: באָגדאַן בעלסקי (מיט א ליכט אין האַנט), באָריס גאָדונאָוו און אנד. אין פאָדערגרונט זעט מען דעם מיטראָפּאָליט מיט זײַן סוויטע. דאָס דאָזיקע בילד איז אײַנגעקויפט געוואָרן פאַרן מוזיי פון דער קונסט־אַקאַדעמיע, א קאָפּיע (געצייכנט מיט א פּען) איז אָפּגעדרוקט אינעם „אַלבאָם פון דער אַקאַדעמישער אויסשטעלונג אין 1888", א גראַוויור־קאָפּיע איז רעפּראָדוצירט אין זשורנאַל „ניווא" (נומ. 18 פאַרן יאָר 1888).

דאָס בילד „מאַראַנען" (אנוסים), אָדער ווי עס הייסט אויך „דער ארעסט פון א רײַכן מאַראַן אין מאָמענט, ווען ער ריכט אָפּ דעם פּייסעכדיקן סיידער (אַן עפּיזאָד פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע)", האָט מײַמאָן אָנגעשריבן לויט דער פּראָגראַם פון א קאָנקורס אפן טיטל אַקאַדעמיקער פון מאָלערײַ־קונסט.

דער צושויער זעט אפן בילד א רײַך באַפּוצטן זאַל, וווּ א געזינד פון אנוסים ריכט אָפּ געהיים דעם פּייסעכדיקן סיידער. מיטאַמאָל צעפּראַלן זיך די טירן, און עס רײַסן זיך אַרײַן באַוואָפנטע אגענטן פון דער אינקוויזיציע. דער פּאַטריאַרך פון דער מישפּאָכע קוקט מיט א ווייטיקפולן בליק, אָנכאַפּנדיק זיך מיט טרייסלענדיקע הענט פאַרן פּאָטעל. אַלץ אין זאַל אָטעמט מיט פאַרלוירנקײַט און שרעק. איינער פון די מענער אײַלט זיך צו פאַרלעשן די ליכט. א צווייטער שלעפּט פון טיש דעם טישטעך צוזאַמען מיט די בעכערס און אנדערע קיילים. א פרוי קוקט זיך אָנגעשטרענגט אײַן אין די פּענעמער פון די אײַנ־

קוויזיציע־אגענטן, וועלכע זײַנען פארדעקט מיט מאסקעס, ווי זי וואָלט געזוכט צווישן זיי א באקאנט פּאָנעם. דער מאנצבל לעבן איר ווערט פּלוצעם דערשיטערט — ער האָט עמעצן דערקענט...

די פּילצאָליקע פיגורן אין דער קאָמפּאָזיציע, די רײַכע פארבן, דער אָפּשײַן פון ליכט און שאָטן, וואָס שלאָגט פון דער ברענענדיקער ליוסטרע, פון דער לעוואָנע און פון דער באַגינען־שײַן, דער טראגיזם פונעם געשילדערטן עפּיזאָד, — דאָס אלץ האָט געמאכט א שטארקן רושעם און ארויסגערופן א פּראָטעסט קעגן דער רעליגיעזער אומטאָלעראנץ.

דאָס דאָזיקע בילד איז באוויזן געוואָרן אף דער אקאדעמישער אויסשטעלונג פון 1893. דער ראט פון דער אקאדעמיע האָט געגעבן דעם אווטאָר פונעם ווערק דעם טיטל אקאדעמיקער. ער האָט אויך באשטימט אײַנקויפן דאָס בילד פארן מוזיי פון אלעקסאנדער III (איצט — רוסישער מעלוכע־מוזיי אין לענינגראד), נאָר אייניקע מיטגלידער פון דער אקאדעמיע האָבן דערווידערט, טײַנעדיק, אז דאָס בילד איז „אנטיקריסטלעך". דער פּרעזידענט פון דער אקאדעמיע האָט אָפּגעשאפן דעם באשלוס פונעם ראט.

שפּעטער, אין 1904, איז דאָס בילד עקספּאָנירט געוואָרן אף דער אינטערנאציאָנאלער אויסשטעלונג אין סאן־לוי (פּשא). ווען די אויסשטעלונג האָט זיך פארמאכט, האָט מען פארקויפט דאָס בילד איינעם פון די אמעריקאנער מוזייען, דערבײַ אפילע ניט צו וויסן געגעבן דעם אווטאָר. רעפּראָדוצירט אין זשורנאל „ניווא" (נומ. 2 פארן יאָר 1893).

דאָס בילד „דער ערשטער רוסישער רעדאקטאָר" באווײַזט, ווי פּיאָטער I רעדאגירט די צײַטונג „וועדאָמאָסטי". א רעפּראָדוקציע פון אָט דעם בילד איז אָפּגעדרוקט אינעם „קאטאלאָג פון דער XI אויסשטעלונג פון דער פּעטערבורגער קינסטלער־געזעלשאפט" (1903).

„אלעקסאנדער I בא סעראפים סאראָווסקין". אפן בילד איז באוויזן, ווי דער אימפּעראטאָר, וואָס איז ארײַנגעפאלן אין א צושטאנד פון מיסטיק, געפינט זיך אין דער מאָנאכן־צעל פון א „פּאָרעש". רעפּראָדוצירט אין זשורנאל „ניווא" (נומ. 11 פארן יאָר 1904).

„אין די בערג פון טורענטשען". דאָס איז אן עפּיזאָד פון דער רוסיש־יאפּאָנישער מילכאָמע (די שלאכט פון 18 אפּרעל 1904), ווען יידן־מוזיקאנטן זײַנען געגאנגען מיט דער ראָטע, וואָס האָט זיך געפּרוּווט דורכרײַסן צו די הויפּטקרעפטן פון דער ארמיי. דאָס בילד איז איבערגעדרוקט אין „ניווא" (נומ. 20 פארן יאָר 1906) און אינעם „קאטאלאָג פון דער אויסשטעלונג פון דער פּעטערבורגער קינסטלער־געזעלשאפט" (1905).

צו די ווערק אף היסטאָרישע טעמעס געהערט דאָס בילד „ווידער אינדערהיים". דער אינהאלט: א סאָלדאט א ייִד מיט א געאָרגי־קרייץ אף דער ברוסט

קערט זיך אום א קאליקע פון דער רוסיש־יאפּאַנישער מילכאָמע און טרעפט אָנשטאָט זײַן שטוב א כורווע, זײַן געזינד איז דערמאָרדעט. לויט דער פאַראָרדענונג פון די מאכט־אָרגאנען איז דאָס בילד אראָפּגענומען געוואָרן פון דער פּעטערבורגער אויסשטעלונג, אָבער די פאָטאָגראפיע פונעם ווערק איז פאַרעפנטלעכט אינעם רעוואָליוציאָנערן זאמלבוך „וואָלנאָסט" (העפט 2, 1906).

וועגן א ריי פּאָרטרעטן, געמאָלט פון מוישע מײַמאָן, האָט דער בארימטער סקולפּטאָר איליא גינצבורג באמערקט, אז זיי זײַנען שטארק ענלעך צום אָריגינאל און טעכניש פײַן און מיט געשמאק געמאָלט. א באזונדערן אינטערעס רופן ארויס די פּאָרטרעטן: „דער סעמיטאָלאָג דאניעל כוואָלסאָן" (געפינט זיך אין דער לענינגראדער אָפּטיילונג פונעם ארכיוו פון דער אלפארבאנדישער וויסנשאפט־אקאדעמיע), „דער נאָרוועגישער שרײַבער ביערנסטערנע ביאָרנסאָן", „דער פּסיכיאטער וולאדימיר בעכטיערעוו", „דער פילאָסאָף מוישע מענדעלסאָן".

מײַמאָנס ווערק פונעם שטייגער־זשאנער האָבן א קלענערע ווערט. א טייל פון זיי איז דערגאנגען צו די צושויער דורך די ניט־געראָטענע רעפּראָדוקציעס אין אלבאָמען פון די אקאדעמישע אויסשטעלונגען פון 1891—1892, אין די קאטאלאָגן פון די אויסשטעלונגען פון דער פּעטערבורגער קינסטלער־געזעלשאפט פון 1901—1912 (די בילדער „פּאָליטיקער", „א טעאטער־ווינקל", „א געוויינלעכע געשיכטע", „כאלוימעס", „נאכט", „אומעט", „א מאָדעל", „דער האָלענדישער פישער"). פון איניקע בילדער זײַנען אינגאנצן ניט פארבליבן קיין רעפּראָדוקציעס — עס זײַנען בלויז אָנגערופן די נעמען זייערע („א זאָקן דאַוונט", „מע רופט צו סליכעס", „רעמאָנט" [פון א בעגעד], „די האָרעפּאשניקעס פון יאם" אא.).

מוישע מײַמאָן איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך גענומען צו דער פּראָפּאגאנדע פון קונסטווערק אין דער יידישער סוויווע. ער האָט זיך באמיט צו ווירקן אף די עסטעטישע גוסטן פון די יידישע פאָלקסמאסן, ארויסגעבנדיק, צווישן אנדערע, דרײַ קינסטלערישע אלבאָמען פון אקווארעל־צייכענונגען (1898—1899). די אלבאָמען זײַנען פארשפרייט געוואָרן אלס ביילעגעס צום זשורנאל „וואָסכאָד".

איינער פון די אלבאָמען האָט געהייסן „בילדער פון יידישן לעבן". ער האָט אנטהאלטן צען איליוסטראציעס צו די באוווסטע אין יענער צײַט ליטערארישע ווערק: י.־ל. גאָרדאָן — „אין די טיפענישן פון יאם"; י. זאנגוויל — „אוריעל אקאָסטא"; ג.־ע. לעסינג — „דער כאָכעם נאָסן"; ק.־ע. פראנצאָז — „שיילאָק פון בארנאָוו"; פּ. סמאָלענסקין — „דער, וואָס בלאָנדזשעט אף די וועגן פון לעבן"; ל. לעוואנדא — „א הייסע צײַט"; ב. אויערבאך — „באָרוך שפּינאָזע"; ג. באָגראָוו — „קסאָווים פון א יידן".

אין די איבעריקע צוויי אלבאָמען גייען אַריין צו 12 געמעלן מיט א יִדישן טיפּאוש. אין איינעם פון זיי, וואָס הייסט „מענער פון דער ביבל", זײַנען געמאָלט: אווראַהאַם, יִיצכאָק, יאַנקעוו, מוישע, שימשן, שמועל, דאַוויד, שלוימע, עלִיִיאַהו, יעשאיאַהו, יוינע, איִעוו, דאניִעל. אינעם צווייטן — „ביבלישע פרויען" — זײַנען באוויזן: סאָרע, האַגאַר, ריווקע, ראַכל, מיריאַם, דווירע, רוט, שולאַמיס, יעהודיס, עסטער אא.

מײַמאָן האָט איינער פון די ערשטע (פונקט ווי מאַרדכע־צווי מאנע) אָנגעשריבן אין העברעיִש און רוסיש א ריי אַרטיקלען וועגן קונסטקענטעניש: „יִידן און קונסט" (1898), „אַנטיסעמיטיזם אין דער קונסט" (1899), „דער קינסטלער מ. גאָטליב און זײַנע ווערק" (1900), „יִידישער נאַציִאָנאַליזם אין דער קונסט" (1902), „ביבל־סוזשעטן אין דער קונסט" (1924) אא.

מע דאַרף זאָגן, אז מוישע מײַמאָן, כאָטש ער איז ניט אַריין אינעם הייכל פון די ערשטקלאַסיקע קינסטלער, האָט אָבער אַרײַנגעטראָגן א היפּשן צושטײַער אין דער אנטוויקלונג פון קונסט בא יִידן.



## קונסטווערק אַף יִידישע לעגענדאַרע און היסטאָרישע סוזשעטן

סוזשעטן לויט די לעגענדעס פון דער ביבל און פון די אַפּאָקריפן האָבן פאַרנומען א כאָשעווו אָרט אין דער טעמאַטיק פון דער בילדערישער קונסט. די געשעעענישן, וועלכע זײַנען אין זיי פאַרייביקט געוואָרן און וועלכע האָבן געפונען זייער אַנאַלאָגיע בא פיל פעלקער אין פאַרשיידענע טקופעס, האָבן גערעגט און צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פון די קינסטלער פון יענער צײַט. אויך אין סאָוועטישן פעריִאָד האָבן די קינסטלער צומאָל זיך געווענדט צו אזעלכע סוזשעטן.

אגעוו, זײַנען די מוסטער־ווערק אַף אָט דער טעמאַטיק פון די באַרימטע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע מײַסטערס (ראַפאַעל, מיקעלאַנדזשעלאָ און אנדערע) גאַנץ פאָפּולער באַם ברייטן אוילעם. די אַנטשפּרעכיקע שעדעווערס אָבער פון די רוסישע מאָלער און סקולפּטאָרן זײַנען פאַרהעלטניסמעסיק וויניקער באַקאַנט

און די אויסגאבעס, אין וועלכע די דאָזיקע קונסטווערק זײַנען רעפּראָדוצירט געוואָרן, זײַנען קימאט אויסשליסלעך באשטימט פאר אן ענגן קרײַז ספּעציאַליסטן־קונסטקענער.

די ווערק אף ביבלישע און אפּאָקריפישע סוזשעטן וועלן דאָ ווײַטער באַהאנדלט ווערן לויט דעם פאָלגנדן סיידער: די מאָנומענטאַלע קונסט, איקאָנאָגראַפיע, ביכער־איליוסטראַציעס און די געשטעלן־קונסט (станковое искусство).

צו דער מאָנומענטאַלער קונסט געהערן שאפונגען אין מאָלערײַ און סקולפּטור (פרעסקעס, מאָזאַיק, רעליעפן), וועלכע האָבן באצירט די ביניאָנים פון די אַלט־רוסישע קלויסטערס. די בארימטסטע פון זיי געפינען זיך אין וולאדימיר, קיִעוו, לענינגראַד, מאָסקווע, נאָווגאָראָד, יוריעוו־פּאָלסקי און יאַראָסלאַוול.

אף צו דעקאָרירן די אַלט־רוסישע קלויסטערס זײַנען די ערשטע ארויסגערופן געוואָרן קיין רוסלאַנד גריכישע מײַסטערס, די טרעגער פון דער קינסטלערישער און טעכנישער דערפארונג פון דער ביזאנטישער קונסט פון הונדערטער יאָרן. אינעם טיפּאוּש פון די געשילדערטע ביבלישע פּערסאָנאַזשן האָט זיך זייער סעמיטישער אָפּשטאַם ניט געלאָזט דערקענען. די אַקסעסוארן (די מאַלבאָשע, דער מיליִע, דער פּייזאזש) זײַנען אויך ניט געווען היסטאָריש טרײַ.

דער עלטסטער דענקמאָל פון מאָנומענטאַלער קונסט איז דער קאַטעדראַל פון דער הייליקער סאָפיע אין קיִעוו (XI יה.). עס האָט זיך דאָרט אופגעהיט די מאָזאַישע שילדערונג פון אַרענען, דעם קויען גאָדל. ער ווערט געשילדערט, האַלטנדיק אין דער רעכטער האנט א קאַדילניצע (א קיילע צו רויכערן ווײַרעך) און אין דער לינקער — דעם אָרנקוידעש מיט די לוכעס. זײַן קאָפּ איז ארומגערינגלט מיט אן אָרעאָל, און פון בײדע זײַטן איז פאראן א גריכישע אופשריפט „דער הייליקער אָרן". אנטקעגן אָט דער מאָזאַיִק איז אויסגעמאָלט די פיגור פון מוישע ראַביינו. אין דעם קאַטעדראַל זײַנען אויך פאראן די פרעסקעס: „אוורהאָם אָווינו באגעגנט די דרײַ וואנדערער", „אוורהאָם אָווינו איז מאכניס אוירעך", „אוורהאָם אָווינו ברענגט א קאָרבן" און „די דרײַ יונגען אין קאַלך־אויוון".

די פּאָלגנדיקע לויט דער צײַט, ווען זיי זײַנען געבויט און דעקאָרירט געוואָרן אין XII יה., זײַנען דער דימיטריִעווער קאַטעדראַל און דער פּאָקראָווער קלויסטער אין וולאַדימיר מיט גאָרעליעפן אף די פאַסאַדן פון דאָוויד האַמעלעך און שלוימע האַמעלעך. דאָוויד איז אויסגעמאָלט זיצנדיק אפן טראָן; מיט דער לינקער האנט דריקט ער צו צו זיך א פּירעקיקע האַרפע, מיט דער רעכטער האנט בענטשט ער. אף דעם זעלבן אופן איז אויסגעמאָלט שלוימע האַמעלעך.

אין וולאדימיר האָט זיך אויך אופגעהיט דער אוספּענסקי־קאַטעדראַל מיט פרעסקעס פונעם XIV יה. פון דעם בארימטן רוסישן מאָלער אַנדריי רובליאָוו,

די אזויגערופענע „אווראָם אָווינוס שויס" (מיט די געמעלן פון די אָוועס אווראָם, ייִצכאָק און יאַנקעוו).

אין דער שטאָט יוריעוו־פאָלסקי שטייען גאַנץ די יוריעווער און סוזדאַליער קאַטעדראַלן פונעם XIII יה. זייערע פאַסאַדן זײַנען באַפּוצט מיט די באַרעליעפן פון די געשטאַלטן פון די מאַלאָכים דאָוויד און שלוימע, די נעוויִים, און מיט די קאָמפּאָזיציעס „אווראָם איז מאַכניס אוירעך" און „די דרײַ יונגען אין קאַלך־אויוון".

אין נאָווגאָראָד איז קאָנצענטרירט א היפּשע גרופּע פון מאָנומענטאַלע קונסט־דענקמעלער. דאָרט געפינט זיך דער סאָפיע־קאַטעדראַל (XII—XX יה.) און דער ספּאַס־קלויסטער (XIV—XX יה.).

דער סאָפיע־קאַטעדראַל איז באַצירט מיט פרעסקעס, וועלכע שטעלן פאָר דאָווידן, שלוימען און די נעוויִים, זיי זײַנען פאָרגעשטעלט אין פּראָנטאַלע פּאָזעס, האַלטנדיק אין די הענט (געוויינלעך אין די לינקע) אופגעמישטע מעגילעס, אף וועלכע עס שטייען געשריבן זייערע פּאָפּולערסטע אַרויסזאָגונגען אין דער איבערזעצונג אף דער קירכלעך־סלאַוויאַנישער שפּראַך. עס זײַנען אופגעשריבן די פאָלגנדע טעקסטן: בא דאָווידן — טילים 2,45; בא שלוימען — מישלײ 1,9; יעשאַיאָהו — 14,7; „ייִרמעיאָהו" — פונעם ערשטן אַפּאָקריף „באָרוך" 36,3; „יעכעזקל" 2,64; „דאַניִעל" 9,7; „מאַלאַכי" 1,3—2; „כאַוואַקוק" 3,3. אזא „מאָנומענטאַלע פּראָפּאַגאַנדע" פון די אַנטשפּרעכיקע ביבלישע טעקסטן איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר דעם דאָזיקן קאַטעדראַל, זי איז אויך פאַראַן אין די מיטלאַלטערלעכע קירכעס פון דער שפּעטערדיקער צײַט אין מײַרעוו־אײראָפּע, דאָרט זײַנען די טעקסטן אף לאַטײַניש און אפילע (ווי אין ראַפאַעלס פרעסקע, וועלכע שטעלט פאָר יעשײַען) אף דער שפּראַך פונעם אָריגינאַל.

די וואַנט־מאָלערײַ אין ספּאַס־קלויסטער האָט געשאַפן דער באַרימטער ביזאַנטישער מאָלער טעאָפאַן גרעק. אף אייניקע פון די דאָרטיקע פרעסקעס זײַנען אויסגעמאָלט: אָדאָם העוול, (כאַנויך) נויעך, מאַלקי־צעדעק.

אין יאַראָסלאַוול איז פאַראַן דער קלויסטער פון עליִיאָהו האַנאָווי פונעם XVII יה. מיט אַן אויסגעצייכנטער וואַנט־מאָלערײַ. די רוסישע איקאָנאָגראַפן האָבן זיך דאָרט באַנוצט מיט דעם באַוווּסטן גראַווירן־אַלבאָם אונטערן נאָמען „דער ביבלישער טעאַטער" אָדער לויט דער פאַמיליע פונעם אַרויסגעבער — „פּיסקאַטאָרס ביבל". דער אַלבאָם איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן לויט די צייכענונגען פונעם האָלענדישן מאָלער מ. דע־פּאָס (אַמסטערדאַם, 1660). די מאָלערײַ איז געווידמעט, דעריקער, געוויסע עפּיזאָדן פונעם לעבן פון די נעוויִים עליִיאָהו און עלישע, וועגן וועלכע עס דערציילט זיך אין „סייפער מלאָכים" (1, קאַפּ. 17—20, 2, קאַפּ. 1—2).

ענדלעך וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אַף די שאַפונגען פון דער רוסישער מאָנומענטאַלער קונסט פונעם XIX יה. אין לענינגראַדער קאַזאַנער און איסאַאַקיִעווער קאַטעדראַלן און אין דעם מאָסקווער קלויסטער פון „קריסטוסן דעם אויסלייזער" (דער לעצטער איז צעראַפּגעטראָגן געוואָרן אין די דרייַסיקער יאָרן).

אַף די פאַסאַדן פון דעם קאַזאַנער קאַטעדראַל (הייַנט געפינט זיך דאָרט דער אַנטירעליגיִעזער מוזיי) זייַנען פאַראַן די באַרעליעפן: „מוישע ראַביינו שלאָגט דעם שטיין, ער זאָל געבן וואַסער" פון אי. מאַרטאָס, „דאָס אויפשטעלן דעם קופערנעם שלאַנג" פון אי. פּראָקאָפּיעוו, „דער דאָרן, וואָס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט" און „מוישע ראַביינו באַקומט די לוכעס" פונעם איטאַליענישן סקולפּטאָר סקאַליאַרי. די טירן פונעם צענטראַלן אַריַינגאַנג אין קאַזאַנער קאַטעדראַל זייַנען אַ קאָפּיע פון די טירן פונעם פלאָרענטינער באַפּטיסטערי (אַ ביניען פאַר דער שמאַד־צערעמאָניע), וועלכע עס האָט געשאַפן אין XV יה. דער באַרימטער איטאַליענישער סקולפּטאָר ל. גיבערטי. די צען פּאַנאָ אַף די דאָזיקע טירן שטעלן פאָר סצענעס פונעם טאַנאַך. די באַרעליעפן האָט מען אויסגעגאָסן אין קופער לויט די קאָפּיעס פון גיפּס, און דערנאָך זייַנען זיי אויסגעהאַמערט געוואָרן.

אין דעם איסאַאַקיִעווער קאַטעדראַל איז די ביבלישע טעמאַטיק רעפלעקטירט אין די מאָזאַיִשע געשטאַלטן פון די אָוועס, די מאַלאָכים און נעוויִים, וואָס ס. זשיוואַגאָ האָט געשאַפן. דאָרט געפינט זיך אויך די וואַנט־מאָלערייַ: פ. ברוניס — „דער מאַבל", „דאָס אויסמאָרדן די בכוירים אין מיצראַיִם" און „דאָס שפּאַלטן דעם יאַם־סוף" פון נ. אַלעקסייעוון.

אַף די פאַסאַדן פונעם קלויסטער פון „קריסטוסן דעם אויסלייזער" זייַנען געווען די באַרעליעפן מיט דער אָפּבילדונג פון ביבלישע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיך אַסאָציִירט מיט די געשעענישן פונעם פראַנצויזיש־רוסישן קריג פון 1812, וואָס אין זייַן אָנדענק איז דער קלויסטער אויסגעבויט געוואָרן: „אַווראָם אָווינו מיט זייַנע פאַרבינדעטע קערן זיך אום אַהיים נאָכן זיג איבער די קיניגן", „דאָווידס טריִומף־מאַרש נאָך זייַן ניצאָכן איבער גאָליִאַסן" און אַנדערע א. לאָגאַנאָווסקיס שאַפונגען (הייַנט געפינען זיי זיך אין דעם מעלוכע־מוזיי פון אַרכיטעקטור). אינעווייניק אינעם קלויסטער האָט זיך געפונען וו. פּ. ווערעשטשאַגינס בילד „שמועל זאַלבט דאָווידן אַף מאַלכעס" און אויך פ. שילצאָווס „געמעלן פון די אָוועס און פון די נעוויִים".

פון די ציווילע אָביעקטן פון דער מאָנומענטאַלער קונסט דאַרף מען דערמאָנען דעם מאַריִינסקער פּאַלאַץ (הייַנט — דער לענינגראַדער שטאָטישער אויספיר־קאָמיטעט), וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין XIX יה. און וועלכער איז באַפּוצט פון אינעווייניק מיט פריזן אַף ביבלישע סיזשעטן; דער דענישער סקולפּטאָר ד. יענסען איז דער אוטאָר פון אַ טייל פון די דאָזיקע רעליעפן.

אין דער אלטרוסישער איקאָנע־מאָלערײַ באגעגנט מען אָפט דאָס געשטאַלט פון עליִיאָהו האנאָווי: „עליִיאָהו אין מידבער“, „עליִיאָהו פליט מיט פלאַם־פײַער אין הימל ארײַן“ אאַ. אַלטערטימלעכע איקאָנעס זײַנען איצט צונויפגעזאמלט דעריקער אין דער טרעטיאַקאָווער גאלעריי און אינעם מוזיי אף רובליאָווס נאָמען אין מאָסקווע.

אלטערטימלעכע איליוסטרירטע רוסישע ביכער, מערסטנטייל עקזעמפּליארן פון דער ביבל און טילים, זײַנען קאָנצענטרירט אין די צענטראלע מאָסקווער און לענינגראַדער ביבליִאָטעקן.

אין דער ביבליִאָטעק אף לענינס נאָמען זײַנען צווישן די קסאוויאדן פונעם XVI—XIV יה., באצירטע מיט מיניִאטיורן, באזונדערס אינטערעסאנט די פאָלגנדע: „דער בוך פון קאָזמאַ אינדיקאָפּלאָוו“ (פון א ביזאנטישן קאָסמאָגראַף פון VI יה. ק. אינדיקאָפּלעווסט), „כראָנאָגראַף“, ד.ה. היסטאָרישע כראָניק (פונעם גריכישן אווטאָר פון IX יה. ג. אמארטאָל). אין דער ביבליִאָטעק פונעם היסטאָרישן מוזיי געפינט זיך, צוזאמען מיט אנדערע איליוסטרירטע קסאוויאדן, די אזויגערופענע «Толковая Палея» — א בוך פונעם XV יה., וועלכער אנטהאלט א קורצע איבערדערציילונג פון דער ביבל, פון די אפּאָקריפן און אמארטאָלס כראָניק. אין דעם לענינגראַדער פיליִאל פון דער ביבליִאָטעק פון דער וויסנשאפט־אקאַדעמיע געפינט זיך דער אזויגערופענער „זאמלבוך אין בילדער“, א קסאוויאד פונעם XV יה., אין וועלכן עס זײַנען פאראן איליוסטראציִעס צו „מעגילאס עסטער“.

די ערשטע געדרוקטע טילים־ספאָרים און ביבליעס, אָנהייבנדיק פונעם יאָר 1568, האָט מען באצירט מיט פרימיטיווע האָלץ־גראַווירן, און אָנגעהויבן פונעם יאָר 1758 — מיט קופּער־גראַווירן צוערשט לויט וו. איקאָניקאָווס און שפּעטער לויט ס. ווטאָראָווס און ס. נאזאראָווס געמעלן. אף די גראַווירן האָט מען געוויינלעך פאָרגעשטעלט דאָוויד האמעלעך און טײַלמאָל — ביבלישע סצענעס. עס איז קעדײַ צו דערמאָנען ס. פּאָלאָצקיס „טילים און פערזן“, ארויסגעגעבן אין 1680 מיט א פײַנער גראַוויור אף קופּער לויט ס. אושאַקאָווס געמעל. דער גרעסטער טייל פון די ביכער, וואָס זײַנען די ערשטע געדרוקט געוואָרן, ווערן אָפּגעהיט אין דער לעניך־ביבליִאָטעק.

אין סאָוועטישן פּעריִאָד זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן: א. גלאָבאַס טראַגעדיע „טאָמאָר“ לויטן סוזשעט פונעם ביבלישן געשיכטע־סייפער „שמואל—2“, קאפּיטל 13 (1923), און די טאנאכישע אידיליע „רוט“ אין א. עפראָסעס איבערזעצונג (1925) מיט וו. פאַוואָרסקיס האָלץ־גראַווירן.

עס דארפן נאָך דערמאָנט ווערן די פּאַראָדיעס אף דער ביבל — אויסגאבעס, איליוסטרירטע מיט סאטירישע צייכענונגען: א. לאָגינאָווס „פרייליכע דערציילונגען פון דער הייליקער שריפט“ (1925); צייכענונגען פון ד. מאָאָר; לעאָ

טאַקסילס „די לוסטיקע ביבל" (1925—1928); צייכענונגען פֿון וו. טריוואַס און די אויסגאַבע אונטערן נאָמען „די טשיקאַווע ביבל" (1961) מיט וו. בראָדסקיס צייכענונגען.

א באַזונדערע גרופּע שטעלן מיט זיך פֿאָר די געדרוקטע אַלבאָמען מיט בילדער־ציקלען אָדער געמעלן אויף ביבלישע סוזשעטן מיט געהעריקע אויפֿשריפֿטן אָדער קורצע טעקסטן. דער ערשטער אַלבאָם פֿון דעם מין איז געווען „די ביבל אין בילדער" (1696) מיט 20 פֿאַרביקע קסילאָ־גראַווירן פֿונעם מאָלער וו. קאָרען; אַן איין־און־איינציקער עקזעמפּליאַר געפֿינט זיך אין דער לענינגראַדער ביבליאָטעק אויף סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען. א צווייטער אַלטערטימלעכער אַלבאָם אונטערן זעלבן נאָמען, מיט 60 גראַווירן, קאָפּירטע פֿונעם דײַטשישן אָריגינאַל, א שפּיגל־אָפּבילדונג, איז געווען געדרוקט אין מאָסקווע אין די יאָרן 1720—1730 און אין א צווייטער אויפֿלאַגע — אין 1746—1747; עס האָט זיך אויפֿגעהיט פֿון אים בלויז איין עקזעמפּליאַר אין דער לענין־ביבליאָטעק.

פֿון די שפּעטערדיקע געדרוקטע אַלבאָמען מיט מאָלערײַען אויף ביבלישע סוזשעטן קאָן מען אָנרופֿן די פֿאָלגנדיקע: א. אגינס „דער אַלטער טעסטאַמענט אין בילדער" (1846 און 1881); א. יעגאָראָווס „צייכענונגען, פֿאַרפּאַסטע און גראַווירטע" (1814); א. סאַפּאָזשניקאָווס „בילדער פֿון דער הייליקער געשיכטע פֿונעם אַלטן טעסטאַמענט" (1861); א. איוואַנאָווס — „בילדער פֿון דער הייליקער געשיכטע" (1879—1887); מ. מײַמאָנס — „מענער פֿון דער ביבל" און די „ביבלישע פּרויען" (1898—1899); וו. פּאַרטוסאָווס „שילדערונגען פֿון די הייליקע געשעענישן אין דער ביבל" (1906—1910); ק. לעבעדעווס „בילדער פֿון דער הייליקער געשיכטע פֿונעם אַלטן טעסטאַמענט" (1911—1912); ק. יואָנס — „דער וועלט־באַשאַף" (1910).

א ציקל ליטאָגראַפֿיעס אויף די טעמעס פֿונעם אַלטן טעסטאַמענט האָט געמאָלט נ. אַלטמאַן (1928—1933) — פֿאַראַן אַן עקזעמפּליאַר אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי; א ציקל ניט־פּובליקירטע צייכענונגען צו דעם בוך „רות" האָבן געשאַפֿן ג. ראָזאַנאָוואַ־וואָרעשטשאַגינאַ (אין די פֿופֿציקער יאָרן) און א. טישלער (1917).

ווערק פֿון דער געשטעל־קונסט אויף ביבלישע סוזשעטן ווערן עקספּאָנירט אין פֿיל מוזייען.

א באַזונדערע גרופּע פֿון אַזעלכע ווערק שטעלן מיט זיך פֿאָר די פּראָגראַם־אַרבעטן פֿון די שילער פֿון דער קונסט־אַקאַדעמיע פֿאַרן פּעריאָד פֿון 1775 ביז 1895. דער גרעסטער טייל פֿון זיי ווערט אויפֿגעהיט אינעם מוזיי פֿון דער אַקאַדעמיע.

פֿון די דאָזיקע סקולפּטור־אַרבעטן (באַרעליעפֿן) זײַנען די פֿאָלגנדע אָפּגעמערקט געוואָרן מיט גאָלדענע מעדאַלן: וו. בעקלעמישעווס — „קאַין נאָכן דער־

מאָרדן העוועלן"; א. מאַנוילאָווס — „נויעך בויט די טייווע"; יא. מאָסקווינס „האָגאָר ווערט פאַרטריבן" און „ייִצכאָקס כאַסענע"; א. פּראָקאָפּיעווס „כאַם ווערט פאַרשאָלטן" און „אווראָם אָווינו ברענגט א קאָרבן"; פּ. סטאַוואַסערס „דאָוויד שפּילט פאַר שאָולן"; מ. כאַרלאַמאָווס „יויסעף איז פּויסער כאָלעם אין טפּיסע"; נ. שטראָמס „די ברידער פאַרקויפן יויסעפן" און אנדערע.

פון די מאָלעריי־ווערק זײַנען אָפּגעמערקט געוואָרן מיט גאָלדענע מעדאַלן: ק. ברױלאָווס „אווראָם אָווינו און די דרײַ וואַנדערער"; מ. וואַלינאָווס „האָגאָר ווערט פאַרטריבן"; נ. געס „שאָול בא דער קישעפמאַכערן פון איין־דאָר"; פּ. זאַוויאַלאָווס „שימשן האַגיבער צעשטערט דעם טעמפּל פון די פּלישטים"; אי. קסענאָפּאָנטאָווס „נויעך בענטשט זײַנע קינדער"; ק. פלאַוויצקיס „די ברידער פאַרקויפן יויסעפן" און אנדערע.

פון די שפּעטערדיקע גראַפישע ארבעטן איז קעדײַ צו דערמאָנען פּ. שילינגאָווסקיס אָפּאָרט „לאָט מיט זײַנע טעכטער" (1914).

פאַראַן א גרויסע צאָל ביבלישע בילדער, וועלכע די מאָלער האָבן אויסגעפילט לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו אף טעמעס, אויסגעקליבענע פון זיי זעלבסט. מיר וועלן אָנרופן א טייל פון די קונסט־שעדעווערס, וועלכע זײַנען מערסטנטייל עקספּאָנירט אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי אין מאָסקווע און אינעם רוסישן מוזיי אין לענינגראַד: פּ. באַסינס „שוידאַנע אין מערכעץ" (1822); פּ. ברוניס „דער קופּערנער שלאַנג" (1825—1841); ק. בריולאָווס „באַסשעווע" (1830); מ. ווארובעלס „דער נאָווי" (1899 און 1904); א. איוואַנאָווס „מע גע־פּינט יויסעפס בעכער אין בינימינס זאַק" (1831—1833); ג. סעמיראַדסקיס „סדוים און אמוירע ווערן כאָרעוו" (1876); וו. סעראָווס „עליעזער און ריווקע" (1895); וו. סוריקאָווס „דער מאָלצײַט בא בעלשאַצערן" (1874).

פון די בילדער, וועלכע געפינען זיך אין אייניקע אנדערע מוזייען, איז קעדײַ אָפּצומערקן: י. אשקענאַזיס „קויהעלעס" אין מוזיי פון דער קונסט־אקאַדעמיע אין לענינגראַד; פּ. זאַבאָלאָטסקיס „מוישע ראַביינו שלאָגט אויס וואַסער פונעם פעלדז" (1863); ס. מאַקאַראָווס „איעוו און זײַנע פרײַנט" (1869); אין מוזיי אין דער שטאָט גאָרקי — וו. ווערעשטשאַגינס „בויאַז און רוט" (1883); אין מוזיי פון דער שטאָט קאַלינין — אי. רעפּינס „דאָוויד און גאָליאַף" (1915); אין מוזיי פון רוסישער קונסט אין קיעוו — „דאָוויד און שאָול" פון אן אומבאַוווסטן מאָלער (XIX יה.).

פון אָט דעם מין סקולפּטור־ארבעטן וועלן מיר דערמאָנען די סטאַטועס: מ. קאָזלאָווסקיס „שימשן האַגיבער צערײַסט דעם לייב" (1800); א. בעליאַיעווס „דאָוויד" (1849); ד. מאַלאַשקינס „העוועל" (1909); נ. קאָניאָנקאָווס „דער נאָווי" (1928); יע. ווּטשעטיטשס „אונדזערע שווערדן וועלן מיר איבערקאָווען אף

אקער־איַזנס" (1957); אי. סלאָנימס „אָדאָם און כאַווע ווערן פאַרפירט פונעם שלאַנג" און „אָדאָם און כאַווע ווערן פאַרטריבן פונעם גאַניידן" (1971—1973).

עס זיַינען פאַראַן נאָך אייניקע בילדער אויף ייִדישער היסטאָרישער טעמאַטיק: י. אשקענאַזיס „דער טויט פון יעהודע האַלייווי" (1881); נ. געס „דער כורבן פון דעם צווייטן בייסהאַמיקדעש" (1859); מ. מיַימאַנס און אַלבאָם פּאַטאַטיפּיעס פון אַקוואַרעל־געמעלן „בילדער פונעם ייִדישן לעבן" (1898—1899) און אַ ריי סקולפּטורן — געשטאַלטן פון היסטאָרישע פּערזענלעכקיַיטן; מ. אַנטאָקאָלסקיס „שפּינאָזע" (1893); ז. אזגורס „יעהודע האַלייווי" (1947, „ס. ה." נומ. 5, 1967); ר. מוראַנאָווסקאַיאַס „באַר־קאָכבאַ" (1944).

סצענעס פון דער ציַיט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָבן פאַרגעשטעלט אין זייערע ווערק מ. אַנטאָקאָלסקי — „די אינקוויזיציע פאַלט אָן אויף די מאַראַנען בייס זיי פּראַווען דעם סיידער אין באַהעלטעניש" (גראַוויורן פון 1868 און 1902) און מ. מיַימאַנס „די מאַראַנען" (1892).

אויף די ייִדישע פּאָגראָמען און זעלבשוץ אין רוסלאַנד, באַם צאַריזם, און אויף רעציכע־אַקטן אין דער ציַיט פונעם בירגערקריג האָבן אַ סאַך קינסטלער זיך אָפּגערופן אין זייערע ווערק. מיר וועלן דאָ אָנוויַיזן אויף פאָלגנדע בילדער: י. אשקענאַזיס „טרויעריקע ניַיס" (1887); ז. זאַלצמאַנס „די טריפּאָליער טראַגעדיע"; מ. מיַימאַנס „ווידער אינדערהיים" (1905); א. מאַניעוויטשעס „קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם" (די 20־ער יאָרן); י. שעכטמאַנס „די פּאָגראָמירטע" (1927). גראַפישע אַרבעטן: מ. זשיטניצקיס „די שוואַרצמייעניקעס" (1970); ל. פּאַסטערנאַקס (1891), מ. שאַגאַלס (1914) און וו. קאַסיאַנס (1917) בילדער „נאָכן פּאָגראָם"; סקולפּטורן — א. גינצבורגס „פּאָגראָם" (1938) און ס. סטראַזשעס „זעלבשוץ" (1916).

די געשעענישן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, די גרוילן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פאַשיסטישע געטאָס האָבן אָפּגעשפּיגלט אין זייערע ווערק: מ. אַקסעלראָד „געטאָ" (אַ סעריע צייכענונגען, טעמפּערא, 1945. — „ס. ה.", 1956, נומ. 7); י. וואַסיליעוו „באַ דער עקזעקוציע־וואַנט" (גראַפיק, 1962; באַשטימט געווען אַלס איליוסטראַציע צו א. רודניצקיס בוך „אַ קלאָרער שטראָם", מ., 1963); ל. וואַלשטיין „די מאַרטירער פון געטאָ" (מאָלעריַי, 1947); ס. גערשאָוו „געטאָ" (אַ ציקל בילדער, טעמפּערא, 1960. — „ס. ה.", 1966, נומ. 1); מ. קליַאָנסקי „מענטשן זאָלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן" (אַ ציקל אָפּאָרטן. — „ס. ה.", 1967, נומ. 8 און 1969, נומ. 7); אַ קאָזלאָוו „די קאָרבאָנעס פונעם פאַשיזם" (1946); א. קוזקאָווסקי „אויב איך וועל דאָס פאַרגעסן!" (1948; לינאָגראַוויורן, ווי אויך אַ ציקל פּלאַקאַטן „עס ברענט", „דאָס אַנטלויפן פונעם ניַינטן פאָרט" און אַנדערע לינאָגראַוויורן; „ס. ה.", 1968, נומ. 4); א. ניורענבערג „די פאַשיסטן" (אַ ציקל צייכענונגען, 1943); וו. אָווטשיניקאָוו „באַבי יאַר"

(א טריפּטיך, 1946); ב. פּראָקאָפּיעוו „אין באבי יאר" (אקוואַרעל; „ס. ה.", 1961, נומ. 1); ע. ריוואָש „די פרוי אין געטאָ" (א סטאַטועטקע, 1945; „ס. ה.", 1962, נומ. 5); א. ריטאָוו „דאָס צעשיסן פון די ייִדן אַף דעם בעסוילעם הינטער ריגע" (בילד, 1945); ז. טאָלקאַטשאָוו „מײַדאַנעק", „די בלומען פון אָשווענטשים" (אַלבאָמען, צייכענונגען, 1945, „ס. ה.", 1978, נומ. 11); א. פּוטערמאַן „באבי יאר" (א סקולפּטור, „ס. ה.", 1968, נומ. 11).

די ליידן און מאַטערנישן פון די ייִדישע פּליטים בײַס ביידע וועלט־מיל־כאָמעס האָבן געווידמעט זייערע ארבעטן: אי. בראָדסקי „די בעזשענקע" (צייכע־נונג, 1914); מ. מײַמאָן „דער אייביקער וואַנדערער" (בילד, 1905—1906); ב. בלאַנק „פּליטים" (לינאָגראַווויר, 1942); א. גיורענבערג „עוואַקואַציע" (א ציקל צייכענונגען, 1943) אאַ.

צום שלוס וועלן מיר צוגעבן, אז דער דאָזיקער אויבערפלעכלעכער איבער־זיכט איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט דער קאַוואָנע צו געבן בלויז אַן אַלגעמיינע פאָרשטעלונג וועגן דער באַהאַנדלטער טעמע. מער אויספירלעכע אָנגאַבן און א רײַכן אילוסטראַטיוון מאַטעריאַל קאָן מען געפינען אין דער ליטעראַטור וועגן דער געשיכטע פון דער רוסישער קונסט: אין די אַנטשפּרעכיקע פילבענדיקע אויסגאַבעס פון אי. גראַבאַר און פונעם אינסטיטוט פאַר געשיכטע פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר; אין די פּילצאָליקע מאָנאָגראַפיעס פון די קונסטקענער — מ. אַלפּאַטאָוו, אי. וואַכרעמייעוו, ג. וואַגנער, וו. לאַזאַרעוו, מ. קאַרגער, נ. פּערוווכין, א. סווירין, א. סידאָראָוו אאַ.; אין די זשורנאַלן פאַר קונסט, ווי אויך אין די קאַטאַלאָגן פון די מוזייען (אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי, אינעם מוזיי אַף רובליאָווס נאָמען, אינעם מעלוכישן רוסישן מוזיי אאַ.) און אין די קאַטאַלאָגן פון באַזונדערע קונסט־עקספּאָזיציעס.

●

## דער קינסטלער לעאָניד פּאַסטערנאַק

לעאָניד (ייִצכאָק־לייב) פּאַסטערנאַק איז געבוירן געוואָרן דעם 4 אַפּרעל 1862 אין אָדעס. זײַן טאַלאַנט פון א מאָלער האָט זיך אַנטפּלעקט נאָך אין די קינדער־יאָרן. פאַר זײַן קינסטלערישן לעבנסוועג איז כאַראַקטעריסטיש אָט וואָס: ווען ער האָט געלערנט אין גימנאַזיע, האָט ער גלײַכצײַטיק באַזוכט די אָדעסער

מאָלערײַ־שול; זײַענדיק אַ סטודענט פֿונעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, האָט ער אײַנצײַטיק שטודירט אין אַ פּריוואַטער קינסטלערישער סטודיע; נאָכן מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט ער דרײַ יאָר געלערנט אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע און פּאַראַלעל אויפֿן יורידישן פֿאַקולטעט פֿונעם נאָוואָראָסיִיסקער אוניווערסיטעט.

אין 1894 איז פּאַסטערנאַק געוואָרן פּראָפֿעסאָר פֿון דער מאָסקווער שול פֿון מאָלערײַ, סקולפּטור און אַרכיטעקטור. אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן האָט ער אָפּגעאַרבעט קימאַט אַ פֿערטל יאָרהונדערט. אין 1905 איז אים צוגעפּאַסקנט געוואָרן דער טיטל אַקאַדעמיקער פֿון דער מאָלערײַ־קונסט.

ל. פּאַסטערנאַק איז געשטאָרבן דעם 31 מײַ 1945 אין אָקספֿאָרד (ענג־לאַנד).

דער דיכטער כאַיִם־נחמן ביאַליק האָט אַזוי געשריבן וועגן פּאַסטער־נאַקן: „דאָס איז אַ פֿון גאָט געבענטשטער קינסטלער, אַ פּאָרטרעטיסט, וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכן ניט, ער אַרבעט מיט פֿרייד, אָריִענטירט זיך לײַכט אין די פֿאַרבן און אין אַלע זייערע שאַטירונגען; ער פֿאַרמאָגט אַ גלענצנדיקע און העכסט פֿולקומע טעכניק, גייט מיט אַן אייגענעם וועג און האַלט אין איין פּראָג־רעסירן; צוזאַמען דערמיט איז פּאַסטערנאַק אַ מענטש אַ סימפּאַטישער, מיט אַן אָנגענעמען כאַראַקטער, אַ ברייט געבילדעטער, מיט אַ פֿײַנעם גוסט, אַן עמע־סער מאַסמיד, אַ פֿלינקער; ער איז געבענטשט מיט אַ קלאָרן מויעך, איז אַ באַוועגלעכער, אַן אַלזײַטיק דערפֿאַרענער, פֿול מיט פּיקכעס, האָט ליב אַ גע־זעלשאַפֿט, איז באַליבט און געאַכטעט פֿון זײַנע כאַווײרים און שילער — אָט אַזאַ איז פּאַסטערנאַק דער מענטש" (כ.־נ. ביאַליק און מ. אָסבאָרן. „פּאַסטערנאַק". בערלין, שטיבל־פֿאַרלאַג, 1924).

ל. פּאַסטערנאַק האָט, ווי עס ווײַזט אויס, זיך געפֿונען אונטער דער ווירקונג פֿונעם גרויסן קינסטלער פֿון XVII יה. רעמבראַנדט, וועמענס ווערק ער האָט שטודירט אין אַ סאַך מוזייען פֿון אייראָפּע און פֿון אייניקע אָראָפּגעשריבן קאָפּיעס.

די הויפּט־ליניעס פֿון פּאַסטערנאַקס שאַפֿונג זײַנען אין גרונט געווען פֿאָלגנ־דיקע: שטייגער־זשאַנער, ביכער־גראַפֿיק, פּאָרטרעטן און פּייזאַזשן. קעדיי העלפֿן דעם לייענער צו באַקומען כאָטש אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג וועגן פּאַסטערנאַקס שעפֿערישן וועג, וועלן מיר ברענגען אַ קורצע רעשימע פֿון זײַנע וויכטיקסטע ווערק.

דער שטייגער־זשאַנער האָט פֿאַרינטערעסירט פּאַסטערנאַקן נאָך אין סאַמע אָנהייב פֿון זײַן קינסטלערישער טעטיקייט. אַלס טעמעס האָבן אים געדינט פֿאַקטן פֿון זײַן נאָענטער סוויווע, פֿונעם יידישן לעבן אין אָדעס. אויף וויפֿל

אונדז איז באוווּסט, איז זײַן ערשט ווערק פון אָט דעם זשאַנער געווען דאָס בילד „א גאנדז אף יאַמטעוו" — א ייִד טראָגט פונעם מארק א לעבעדיק אָף אף יאָמטעוו. ווײַטער גייען די בילדער: „א ייִד א קאפּצן", „נײַס פון דער היים", „א דעביוטאנטקע", „סטודענטן פאר די עקזאמענעס", „מינוטן פון שאפונג", „קלעזמאָרים".

א גרויסן ציקל בילדן זײַנע ווערק, ווו ער מאָלט די היימישע סוויווע: „באם שטריקן זאָקן", „זי גייט", „די פרייד פון א מאמע", „אין קינדער־צימער", „א העזעלע", „קינדער צייכענען", „קינדער זיצן באם בוך", „האנטארבעט", „באם סאמאָוואר" אא.

דער ציקל „טעאטראלער שטייגער" געהערט צום יאָר 1893. דאָ טיילן זיך אויס די בילדער: „באם אקטיאָר אין דער קאבינע", „דער קאפּעלדיגער", „אלטע נאכטיגאלן", „דער ערשטער ארויסטריט", „אין דער טעאטער־לאָזשע", „אין דער פאָדערשטער ריי פאָטעלס".

צו פאסטערנאקס ערשטע ארבעטן געהערט אויך דער ציקל „ביכער־גראפיק". די בילדער פון דעם ציקל האָבן זיך געדרוקט אין די אילוסטרירטע זשורנאלן פון יענער צײַט. צו זיי דארף מען פארעכענען די אילוסטראציע צו מ. קאָנאָפּניצקיס דערציילונג „מענדל גדאנסקי" (די אילוסטראציע הייסט „נאָכן פּאָגראָם"), צום בילד זײַנען געגעבן צוויי עסקיזן.

צו דער זעלבער צײַט געהערט אויך פאסטערנאקס ארבעט (צוזאמען מיט די קינסטלער ווּרובעל, פּאָלענאָוו און רעפּין) אף צו אילוסטרירן די אויסגאבע פון מ. לערמאָנטאָווס ווערק (מאָסקווע, 1891). אין ערשטן באנד זײַנען אָפּגעדרוקט פאסטערנאקס אילוסטראציעס צו „דער מאלער", „אף פּושקינס טויט", „א געדאנק", „דער פּאָעט", „דער מאסקאראד"; אין צווייטן באנד — צו „מצירי" און „כאדזשי אברעק".

אין דער אויסגאבע פון פּושקינס ווערק (מאָסקווע, 1899), וועלכע עס האָבן אילוסטרירט די קינסטלער ווּרובעל, לעוויטאן און אנד., איז פאראן פאסטערנאקס א צייכענונג צום „קארגן ריטער" (אין קעלער בא די קאסטנס מיט גאָלד).

פאסטערנאק איז צוזאמען מיט אנדערע קינסטלער אײַנגעלאדן געוואָרן צו אילוסטרירן דעם ראָמאן פון ל. נ. טאָלסטאָי „מילכאָמע און פרידן". פון פאסטערנאקס אילוסטראציעס פארגעדענקען זיך די בילדער „נאטאשע אפן ערשטן באל", „נאפּאָלעאָן און לאווּרושקע"; זיי האָבן ארויסגערופן אנציקונג בא ל. נ. טאָלסטאָי און זײַן טאָכטער טאטיאנע, וועלכע האָט געלערנט אין מאָסקווער מאָלערײַ־שול.

באזונדערס שטארק האָבן אויסגענומען פאסטערנאקס אילוסטראציעס צום לעצטן ראָמאן פון ל. נ. טאָלסטאָי — „וואָסקרעסעניע" („טכיאס־האמייסים").

דער ראָמאַן האָט אין 1899 זיך געדרוקט אין פּעטערבורגער זשורנאַל „ניוואַ“. באַם מאָלן די איליוסטראַציעס האָט דער קינסטלער זיך געפונען אין א נאָענטן קאָנטאַקט מיטן אווטאָר פונעם ראָמאַן. עס פלעגט טרעפן אזוי, אז טאָלסטאָי האָט אונטערן איינדרוק פון פּאַסטערנאַקס בילדער געענדערט די רעדאַקציע פון זיין טעקסט. אזוי האָט פּאַסירט מיט דער צייכענונג „נאָך דער עקזעקוציע“. טאָלסטאָי האָט צוריק אופגעשטעלט אַן עפּיזאָד, וועלכן ער האָט פריער אַראָפּגענומען.

דעם קינסטלערס א פריינט, וואָס האָט אַלס אינזשעניער אָנגעפירט מיט די אַרבעטן פון דורכפירן די עלעקטרישע נעץ אין שליסעלבורגער פעסטונג, און גוט געקענט דעם שעף פון דער פעסטונג, האָט, דערזעענדיק איינע פון פּאַסטערנאַקס איליוסטראַציעס, אויסגערופן מיט כידעש: „ווי ענלעך עס איז דיין באַראָן קריגסמוט אַפן אָריגינאַל. ווו האָסטו אים געזען?“ פּאַסטערנאַק האָט, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט געזען קריגסמוטן, ער האָט אָבער געמאָלט דאָרט, ווו דער שרייבער האָט געשעפּט מאַטעריאַל פאַר די סצענעס פונעם ראָמאַן, — אין געריכט־זאַל, אין דער עטאַפּ־טפּיסע אאוו., מיט זיין קינסטלערישן כוש האָט ער אופגעכאַפּט דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע און טיפּישע.

ווען דער קינסטלער האָט שטאַרק איבערגעלעבט, וואָס אין זשורנאַל קומען שלעכט אַרויס די רעפּראָדוקציעס פון זיינע איליוסטראַציעס, האָט אים טאָלסטאָי געטרייסט: „נעמט זיך ניט צום האַרצן, איר וועט דערנאָך עקספּאָנירן די אָריגינאַלן, וועלן אַלע זיי זען און אָפּשאַצן. געדענקט, לעאָניד אָסיפּאָוויטש, אז קיין זאַך אַף דער וועלט איז ניט אייביק: ניט די קיניגרייכן, ניט די טיראַנען... ניט די מיליאָניקע קאַפּיטאַלן... נאָר אויב אין אונדזער ווערק איז פאַראַן כאָטש א ברעקעלע קונסט, וועט עס לעבן אייביק!..“

וו. בולגאַקאָוו, וואָס האָט א געוויסע צייט פאַרוואַלטעט מיטן טאָלסטאָי־מוזיי, דערציילט, אז „נאָך פּאַסטערנאַקן האָט קיינער פון אונדזערע גראַפיק־מייסטערס ניט אונטערגענומען זיך צו איליוסטרירן טאָלסטאָיס ווערק „וואָסקרעסעניע“; דער ניוואָ פון פּאַסטערנאַקס איליוסטראַציעס איז אזוי הויך, אז איליוסטרירן בעסער, אריינדרינגען טיפער אין די סוידעס פון דער פּסיכאָלאָגיע און פונעם שטייגער, געפינען עפּעס נייס, וואָס דער טאַלאַנטפולער און אויסערסט שטרענגער צו זיין אַרבעט קונסט־מייסטער האָט דורכגעלאָזט, איז אומעגלעך“ (פונעם בוך „באַגעגענישן מיט קינסטלער“, ל., 1969).

קימאַט אַלע אָריגינאַלן פון פּאַסטערנאַקס איליוסטראַציעס צו ל. נ. טאָלסטאָיס ווערק געפינען זיך אינעם מאָסקווער טאָלסטאָי־מוזיי.

א באַזונדער ציקל פון פּאַסטערנאַקס ווערק זיינען די היסטאָרישע בילדער וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון רוסלאַנד. א פאַרזעצונג פון דעם דאָזיקן ציקל

זײַנען די בילדער, ווו דער קינסטלער האָט געמאָלט פֿון דער נאַטור די געשעענישן און פּערזאָנען פֿון די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן.

ריידנדיק וועגן פּאַסטערנאַקס ביכער־גראַפֿיק, דאַרף מען דערמאָנען די הילע צו די נאָטן „ייִדישע פֿאָלקסלידער", וועלכע עס האָט מוזיקאַליש באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן דער קאָמפּאָזיטאָר יולי (יויעל) ענגעל, די מאַרקעס פֿון די פֿאַרלאַגן „יאַבנע" און „שטיבעל", אויף וועלכע עס איז באַוויזן אַ סימבאָלישע פֿיגור פֿון אַ ייִדן מיט אַ וואַנדער־שטעקן, און דעם עקסליבריס פֿונעם קונסטקענער פּאַוועל עטינגער, אין וועלכן עס איז אַרײַנגעפּאַסט אויך זײַן פּאָרטרעט.

באַזונדערס גרויס זײַנען פּאַסטערנאַקס פֿאַרדינסטן אינעם פּאָרטרעטזשאַנער. ער האָט געשאַפֿן אַ רײַכע גאַלעריי פּאָרטרעטן פֿון אָנגעזעענסטע מענטשן פֿון זײַן צײַט, אויך פֿון פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. טאָלסטאָי און ביאַליק, סקריאַבין און ענגעל, סעראָוו און שטרוק, עטינגער און שטיבעל און נאָך און נאָך — סאַראַ רײַכער דיאַפּאַזאָן פֿון פּערזענלעכקייטן!

אין אויסערגעוויינלעכע ווערט האָבן די עסקיזן צום פּאָרטרעט פֿון וו. אי. לענין (געצייכנט פֿון דער נאַטור), וואָס ווערט געהיט אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי, און דער ניט־פֿאַרענדיקטער לענין־פּאָרטרעט.

גאָר אינטערעסאַנט זײַנען די גרופּן־פּאָרטרעטן: „טאָלסטאָי צווישן די היימישע (באַם לאָמפּ)", „טאָלסטאָי און גע", „טאָלסטאָי, סאָלאָוויאָוו און פּיאָדאָראָוו".

מיט כאַיִם־נאַכמען ביאַליקן האָט פּאַסטערנאַק זיך באַגעגנט אין אָדעס, מאָסקווע און בערלין. עס זײַנען באַקאַנט פֿאָלגנדיקע (פּאַסטערנאַקס) עסקיזן און פּאָרטרעטן פֿון ביאַליקן: ביאַליק, 1911; ביאַליק און דאָוויד פֿרישמאַן, 1916; צוויי עסקיזן, געצייכנט מיט אַ בלײַער, אין אַנפֿאַס און אין פּראָפֿיל, 1921; אַ פּאָרטרעט פֿון ביאַליקן, געמאָלט מיט אייל, 1922.

אינטערעסאַנט איז דער אַנ־סקי־פּאָרטרעט (1918) — „אַנ־סקי לייענט אַ מאַנוסקריפּט פֿאַר פֿרײַנט" (דאָס איז געווען אין דער צײַט, ווען דער שרײַבער האָט פֿאַרענדיקט זײַן פּיעסע „דער דיבוק", און ביאַליק האָט זי איבערגעזעצט פֿאַרן „האַבימאָ"־טעאַטער). פּאַסטערנאַק האָט אין פֿאַרשיידענע צײַטן געמאָלט אויך פּאָרטרעטן פֿון די שרײַבער ווערהאַרן, גאָרקי, גערשענזאָן, רילקע, סאָקאָלאָוו, פֿרישמאַן, טשערניכאָווסקי, שנייער, יושקעוויטש.

ווען מע באַטראַכט פּאַסטערנאַקס פּאָרטרעטן, ווערט מען איבעראַשט פֿון זייער פּילאַרטיקייט, פֿון דער נאַטירלעכקייט פֿון די פּאָזעס און כאַראַקטערן. אַ פּאָר ווערטער וועגן דער ענלעכקייט פֿון די פּאָרטרעטן צו די אָריגינאַלן.

דעם קינסטלער סעראָווס טאָכטער שרײַבט אין איר בוך „זיכרוינעס" (מאָסקווע — לענינגראַד, 1947): „פֿון אַלע פּאָרטרעטן איז, לויט מײַן מיינונג,

די ענלעכקייט פונעם טאטן דייטלעכער ווי אומעטום אף ל. פּאסטערנאקס קליין בילדל „א זיצונג אין דער מאָלערײַ־שול”... זייער ריכטיק זײַנען איבערגעגעבן דעם טאטנס פּאָזע און זײַן פּראָפיל”.

אינעם שוין דערמאָנטן בוך פון וו. בולגאקאָוון ווערט געזאָגט: „די פּאָרטרעטן פון ל. נ. טאָלסטאָי, וועלכע ל. פּאסטערנאק האָט געשאפן, און די פּאַרצייכענונגען מיט בלײַער טיילן זיך אויס מיט זייער פיל גרעסערער ענלעכקייט צום אָריגינאל, איידער די פּאָרטרעטן, וועלכע עס האָבן געמאָלט אנדערע קינסטלער (צווישן זיי אויך רעפּין)... איך בין דערבײַ אויסן ניט די אויסערלעכע ענלעכקייט, נאָר, און דאָס איז עפּשער נאָך ווערטפולער, די אינערלעכע ענלעכקייט... דאָס, וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן דעם הויכן ניוואָ פון די עסקיזן צו ל. נ. טאָלסטאָיס פּאָרטרעט, איז שייַעך אויך צו א ריי עסקיזן פונעם לעניןפּאָרטרעט”.

אזעלכע ארויסזאָגונגען קאָן מען ברענגען א סאך.

אין פּאסטערנאקס קינסטלערישער ירושע זײַנען פאראַן אויך פּייזאזשן און נאטיורמאָרטן. פּאסטערנאק האָט פארעפנטלעכט אן אינטערעסאנטן בוך „רעמבראנדט און דאָס יידנטום אין זײַן שאפונג” (בערלין, זאלצמאן־פארלאג, 1923) און פראגמענטן פון זיכרוינעס.

●

# עלִיעזער ליסיצקיס יִדישע גראפיק

עלִיעזער ליסיצקי איז פון יענער פּלעיאדע בארימטע קינסטלער, צו וועלכע עס געהערן נאטאן אלטמאן, יוסעף טשײַקאָוו, יִסאָסכער־בער ריבאק, מארק שאגאל, שלוימע יודאָווין און אנד.

אלע האָבן זיי אין אָנהייב פונעם יאָרהונדערט אָנגעהויבן זוכן אן אייגנארטיקן וועג אין דער קונסט.

דאָס איז געווען א צײַט, ווען סײַ אין רוסלאנד, סײַ אין אייניקע מײַרעווראייראָפּעִישע לענדער איז מען געווען פארכאפּט מיט דער פאָלקס־קונסט. אויך די דערמאָנטע קינסטלער האָבן דאָס כאראקטעריסטישע פאָלקסטימלעכע גע־

זוכט און געפֿונען אין די באַפּוצונגען פֿון די באַטעמעדראָשים, אין די אופשריפטן אף מאַצייוועס, אין דער אויספּורעמונג פֿון שטייגער־כפּייצים. זיי האָבן אויך געזוכט אָריגינעלן שריפֿט און אָרנאַמענטן אין יידישע ביכער, אַלטערטימלעכע קסאָוויאַדן און דאָקומענטן.

פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט האָבן די דאָזיקע מאָלער געשענקט דעם פּייזאַזש פֿונעם יידישן שטעטל.

עליעזער ליסיצקי איז געבוירן געוואָרן דעם 10 נאָיאַבער 1890 אין א קליין שטעטעלע — פּאָטשינאָק, סמאָלענסקער געגנט. שפּעטער זיינען די עלטערן זיינע אריבערגעפֿאָרן קיין וויטעבסק. דאָס פֿעיִקע יינגל האָבן זיי אוועקגעשיקט צום זיידן קיין סמאָלענסק זיך לערנען אין דער דאָרטיקער רעאַל־שול.

נאָך אין די פֿריִע קינדער־יאָרן האָט זיך ליסיצקי אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט קונסט. בייס די זומער־קאַניקולן פֿלעגט ער קומען אהיים קיין וויטעבסק. דאָרט האָט ער באַזוכט יעהודע פּענס סטודיע. טאַקע דאָ, אין דער סטודיע, האָט ער זיך באַפֿריינדעט מיט פּענס טאַלאַנטפֿולע טאַלמידים: מאַרק שאַגאַלן, קאַזימיר מאַליעוויטשן, יויסעף צאַדקינען — די קינפֿטיקע וועלט־באַרימטע קינסטלער.

נאָכן פֿאַרענדיקן די רעאַל־שול האָט ליסיצקי אָפּגעגעבן עקזאַמענעס אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע. ער איז אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן. אין 1909 פֿאָרט ער אוועק קיין דייטשלאַנד, וווּ ער קומט אָן אין דער דאַרמשטאַדטער טעכנישער שול אפֿן אַרכיטעקטור־פֿאַקולטעט, וועלכע ער פֿאַרענדיקט אין 1914.

אין דער צייט פֿון די קאַניקולן באַזוכט ער אייניקע שטעט פֿון אייראָפּע. אין דער דייטשישער שטאָט וואָרמס מאַכן אף אים א גרויסן איינדרוק דער אוראַלטער בעסמעדרעש — א דענקמאָל פֿונעם XIII יה. — און די מאַצייוועס פֿונעם באַרימטן אַלטערטימלעכן בעסוילעם.

קעדיי האָבן די רעכט צו פּראַקטיקירן אין רוסלאַנד אַלס אַרכיטעקטאָר, האָט ליסיצקי געדאַרפֿט אָפּגעבן עקזאַמענעס אין ריגער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט.

א געוויסע צייט האָט ער מיטגעאַרבעט מיט די אַרכיטעקטאָרן וועליקאָווסקי און קליין. אייניעם מיטן קינסטלער ריבאַק מאַכט ער א רייזע קיין מאָלעוו און דרויע. א באַריכט וועגן אָט דער רייזע מיט צייכענונגען פֿון אינערלעכע געמעלן אין די אוראַלטע באָטעמעדראָשים, מיט וועלכע אָט די שטעט זיינען געווען באַרימט, האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער העברעיִשער צייטשריפֿט „רימון" (1923).

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן פאַרנעמט זיך ליסיצקי אויסשליסלעך מיט ייִדישער גראַפיק. ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די קונסט־אויסשטעלונגען פון יענער צײַט.

אין די יאָרן 1922—1925 האָט ליסיצקי געלעבט אין אויסלאַנד. אומקערנדיק זיך קיין רוסלאַנד, באַזעצט ער זיך אין מאָסקווע און באַשעפטיקט זיך הויפּטזאַכלעך מיט קונסטקענטעניש, מיט אַרכיטעקטור, מיט קינסטלערישער פּאָליגראַפיע און פאָטאָגראַפיע. אין אָט די אַלע געביטן איז ער געווען דערפינדעריש און נאָוואַטאָריש.

עליִזער ליסיצקי איז געווען רעדאַקטאָר פון די זשורנאַלן וועגן קונסט און אַרכיטעקטור («Вещь» אין 1922 און «АСНОВА»[1] אין 1926). ער האָט אַרויסגעגעבן אַלבאָמען מיט ליטאָגראַפישע געמעלן. לויט זײַנע פּראָיעקטן זײַנען געמאַכט געוואָרן די אינטעריערן און עקספּאָזיציעס פון דער אַלפאַרבאַנדישער פּאָליגראַפישער אויסשטעלונג אין מאָסקווע אין 1927 און פון א ריי סאָוועטישע פּאַוויליאָנען אויף צווישנפעלקערלעכע אויסשטעלונגען: פון אוויִאַציע — אין פּאַריזש, פון פּאָליגראַפיע — אין קעלן, פון פילמען און פאָטאָ — אין שטוטהאַרט. ער האָט זיך באַטייליקט אין אויספורעמען אַזעלכע זשורנאַלן, ווי «СССР на стройке», און געשריבן פּלאַקאַטן.

ליסיצקיס קינסטלערישע ירושה אין געביט פון ייִדישער גראַפיק איז ניט קיין גרויסע, זי פאַרנעמט אָבער א באַדײַטנדיק אָרט אַדאַנק איר אייגנאַרטיקער מאַניר. מערסטנטייל איז זײַן שאַפונג פאַרבונדן מיט טוזשעטן פון מײַסעלעך. פריִער פאַר אַלץ דאַרף אָפּגעמערקט ווערן די אָריגינעלע אויספורעמונג פון מוישע בראָדערזאָנס פּאָעמע „סיכאַס־כולין” (וואָכעדיקע רייד), וואָס איז אָנגעשריבן לויטן טוזשעט פון א פּראָגער לעגענדע. ליסיצקיס צייכענונגען האַרמאָנירן מיטן טעקסט און זײַנען אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן אַוטאָרס פאַרטראַכט. אויפן שאַרבלאַט זעען מיר דעם פּאָעט, דעם מאָלער, דעם סויפער און דעם העלד פון דער לעגענדע — יוינע.

אָריגינעל און אינטערעסאַנט האָט ליסיצקי אויסגעפורעמט דאָס מײַסעלע „כאַדגאַדיע”, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף א ליטאָגראַפישן אויפן. באַזונדערע עקזעמפּליאַרן האָט דער קינסטלער אַליין געמאָלט מיט פאַרשיידענע פאַרבן, דער טעקסט צו די צען בילדלעך איז געגעבן אויף אַראַמעיִש (די שפּראַך פונעם אָריגינאַל) און אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש.

אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי געפינט זיך אַן אַנדער (ווײַזט אויס, א פריִיִקער) וואַריִאַנט פון ליסיצקיס אילוסטראַציעס צו אָט דעם מײַסעלע. יעדע

[1] «Ассоциация новых архитекторов» — „אַסאָציִאַציע פון נײַע אַרכיטעקטאָרן”

צייכענונג ווערט באגלייט מיט א טעקסט, געשריבן פון דער האנט, אין א פריי̆ער איבערזעצונג אף ייִדיש פון אן אומבאוווּסטן איבערזעצער.

ליסיצקיס מייסטערשאפט איז באזונדערס צו זען אין דער אויספורעמונג פון מאני לייבס מייסעלע „ייִנגל־צינגל־כוואט". דאָס איז געווען דאָס ערשטע בוך פאר קינדער, וואָס האָט פארמאָגט אזעלכע הויך־קינסטלערישע איליוסטראציעס. דער נאָמען פונעם בוך איז אפן שארבלאט אָנגעשריבן אין צווי פאראלעלע שורעס, אין וועלכע עס ווערן אויסגעטיילט די אלציינע בוכשטאבן.

אָט דעם אויפן פון איליוסטרירן האָט ליסיצקי ניט איין מאָל אָנגעווענדט אויך אין זיין ארבעט איבער שארבלעטער און פלאקאטן מיט טעקסטן אין רוסיש און אף אנדערע שפראכן. די שורעס פלעגט ער צעשטעלן ניט נאָר פאראלעל, נאָר אין פארשיידענע ריכטונגען, טיילמאָל פלעגן זיך בא אים די שורעס איבערקרייצן.

מיט גרויס געשמאק האָט ליסיצקי איליוסטרירט די „ווייסרוסישע פאָלקס־מייסעס" און די „אוקראינישע פאָלקס־מייסעס" אין לייב קוויטקאָס איבערזעצונג. ער האָט אויך איליוסטרירט כאים־נאכמען ביאליקס „שלוימע האמעלעך" און בענציון ראסקינס „ארבעה תישים" („ארבאָהא טאיאָשים" — „פיר באָקן").

עס זיינען אויך באוווּסט ליסיצקיס איליוסטראציעס צו ייִדישע קינדער־ביכער: בענציון ראסקינס — „דער בער", „א הון, וואָס האָט געוואָלט האָבן א קאם", „דער מילנער, די מילנערן און די מילשטיינער"; צו יאנקעוו פיכמאנס — „שאבעס אין וואלד"; צו צאַדעק דאָלגאָפאָלסקיס פיעסע פאר קינדער „דעם זיידנס קלאָלעס".

אין יענער צייט זיינען געווען פאָפּולער פארלאג־מארקעס. ליסיצקי האָט געשאפן מארקעס פון די פארלאגן: „קיִעווער פארלאג", „ייִדישער פאָלקס־פארלאג" און פונעם רוסישן פארלאג «Геликон». ער האָט אויך געמאָלט די טאָוולען און די שארבלעטער פון דעם קאטאלאָג צו דער קונסט־אויסשטעלונג, וואָס עס האָט אָרגאניזירט די „ייִדישע געזעלשאפט צו שטיצן קונסט"; צו די לידער מיט נאָטן, וואָס עס האָט ארויסגעגעבן די „געזעלשאפט פון ייִדישער מוזיק".

זיינע געמעלן, וועלכע פארמאָגן נאציאָנאלע מאָטיוון און דריקן בוילעט אויס דעם אינדיווידועלן אייגנארט פונעם קינסטלער, קאָן מען דערקענען אפילע אָן אן אונטערשריפט פונעם אויטאָר.

ס'איז קעדיי אָפּצומערקן, אז די אויסגאבעס מיט ליסיצקיס צייכענונגען זיינען ווייניק באקאנט, ווייל זיי זיינען דערשינען אין קליינע טיראזשן אין דער שווערער צייט פון בירגערקריג.

ליסיצקי איז געשטאָרבן אין מאָסקווע אין דעקאבער 1941 אין עלטער פון 51 יאָר.

# די קינסטלערישע אויספֿירונג פֿון ספּעקטאַקלען מיט ייִדישע סוזשעטן

ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט מען אין דער מערהייט רוסישע טעאַטערס געהאַלטן די אויספֿירונג פֿון די ספּעקטאַקלען פֿאַר אַ קלייניקייט. די טעאַטער־קאָלעקטיוון פֿון יענער צייט, וועלכע זײַנען, אַלס קלאַל, געווען פּאַקטיש וואַנדער־טרופּעס, פֿלעגן איבער זייער איבערגעלאָדנקייט מיט רעפּערטואַר, אָפּט מוזן אין פֿאַרשיידענע פּיעסעס מיט אַן ענלעכן פּאָן פֿון די האַנדלונגען אויסנוצן איין און די זעלבע דעקאָראַציעס און רעקוויזיט. מאָלן די דעקאָראַציעס פֿלעגט מען אָנטרויען צופֿעליקע מענטשן. עכטע קינסטלער האָבן ניט געוואָלט פּאַטשקען די הענט מיט דעקאָראַציעס. בלויז איינצלנע טעאַטערס פֿון דער הויפּטשטאָט האָבן אין סאַך פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן באַשטעלן בײַ קינסטלער דעקאָראַציעס צו באַזונדערע ספּעקטאַקלען.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז די ראָליע פֿונעם טעאַטער־קינסטלער געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. מע האָט אים אָנגעהויבן אָפּשירן אין איין רײ מיטן רעזשיסער, ער האָט אויסגעהערט פֿיל לויב־ווערטער פֿון די צושויער און טעאַטער־קריטיקער.

דער רעקוויזיט פֿונעם ייִדישן טעאַטער אין רוסלאַנד ביז דער רעוואָלוציע איז געווען זייער אָרעם מאַכמעס זײַנע קליינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. פֿון די זעכצן ייִדישע טעאַטער־טרופּעס, וועלכע האָבן פֿונקציאָנירט אין רוסלאַנד ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, האָבן בלויז פֿיר געשפּילט אין באַזונדערע לאָקאַלן, די איבעריקע פֿלעגן אַרומוואַנדערן איבערן לאַנד.

נאָך דער רעוואָלוציע איז אַ סאַך געטאָן געוואָרן, קעדיי די נײַ־אויפֿגעקומענע טעאַטער־קאָלעקטיוון זאָלן זײַן באַזאָרגט מיט שטענדיקע לאָקאַלן, מיט קינסטלער אויף אויסצופֿירעמען די ספּעקטאַקלען.

אַלס ייִדישן רעפּערטואַר האָט מען באַטראַכט די פּיעסעס, וועלכע זײַנען געבויט אויף ביבלישע און אַפּאָקריפֿישע לעגענדעס און מײַסעס, טאַלמודישע און מיטלאַלטערלעכע דערציילונגען, גענומען פֿון דער ייִדישער געשיכטע, פֿון ייִדישן פֿאָלקלאָר און לעבנשטייגער, אויך פּיעסעס, וווּ ייִדן זײַנען אַ טייל פֿון די פּערסאָנאַזשן. אין די רוסישע טעאַטערס זײַנען געגאַנגען וואָדעווילן, וווּ עס האָבן, צווישן אַנדערע, פֿיגורירט קאָמישע ייִדישע פּערסאָנאַזשן. ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע זײַנען מיט גרויס דערפֿאָלג באַוויזן געוואָרן וו. שעקספּירס „דער סוחר פֿון ווענעציע", ק. גוצקאָווס „אוריעל אַקאָסטאַ", אויך פּיעסעס מיט ייִדישע סוזשעטן, פֿאַרפֿאַסט פֿון די דראַמאַטורגן פֿון יענער צײַט: ד. אײַזמאַן „דערנער־קוסט", שאָלעם אַש „גאָט פֿון נעקאָמע", י. גאָרדין „דער סאָטן" און „מי־

רעלע עפראָס", א. דימאָוו (פערלמאַן) „דער אייביקער נאוועגאדניק" און „שמא
ייסראָעל", י. טשיריקאָוו „יידן", ס. יושקעוויטש „אין שטאָט" אא.
די יידישע טעאטראלע טרופעס האָבן געשפילט קימאט בלויז פיעסעס אף
יידישער טעמאטיק, אָנגעשריבן דורך יידישע דראמאטורגן. דאָס זיינען געווען
(נאָך דער רעוואָליוציע) קוידעמקאָל די אלגעמיין באקאנטע ווערק (ריכטיקער,
איבערארבעטונגען) פון א. גאָלפאדנס שאפונגען און ווערק (אָדער אינסצעני־
רונגען) פון יידישע קלאסיקער, אויך פיעסעס (אין גרעסטן טייל באשטעלטע) בא
יידישע סאָוועטישע יידישע שרייבער. די סאָוועטישע יידישע שרייבער האָבן זיך אקטיוו
אָפגערופן אף די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. לאָמיר דערמאָנען „באָטווין" פון
א. וועוויאָרקע; „אין פייער" און „יוליס" פון דאניעל מייעראָוויטש; „הירש לע־
קערט" פון ארן קושניראָוו; „דער מאָלציינט" פון פערעץ מארקיש; „יונגען" פון
ע. פינינבערג; די דראמאטורגן האָבן זיך אָפגערופן אף דער אנטשטייונג פון
יידישע קאָלווירטן „(ארן פרידמאַן" פון ש. האלקין, „ניט געדייגעט" פון פערעץ
מארקיש), אף דער מילכאָמע קעגן דעם פאשיסטישן דייטשלאנד („דער אופ־
שטאנד אין געטאָ" און „אָן אויג פאר אָן אויג" פון פערעץ מארקיש; „די וועלדער
רוישן" פון א. בראט און ג. לינקאָוו). ס'זיינען אויך געשאפן געוואָרן פיעסעס
פאראָדיעס וועגן דעם בירגערווּאָליוציאָנערן און קאפיטאליסטישן לעבנשטייגער
(אי. פעפערס „דער קוימענקערער"; ע. לויטערס „פורימשפיל"; י. דאָברושינס
און נ. אויסלענדערס „דריי פינטעלעך" אא.).
אין אלגעמיין זיינען אין די רוסישע און יידישע טעאטערס געשפילט גע־
וואָרן מער פון הונדערט פיעסעס מיט יידישע סוזשעטן. אף די דאָזיקע שטעלונ־
גען האָבן געארבעט בעערעך פערציק דראמאטורגן (צווישן זיי ארום דרייסיק
יידישע). די פיעסעס זיינען געשטעלט געוואָרן אין צוואנציק טעאטערס (זיבן
יידישע). אין דער אויספורעמונג פון די ספעקטאקלען האָבן אָנטיילגענומען מער
פון זיבעציק טעאטער־קינסטלער, צווישן זיי מ. אקסעלראָד, נ. אלטמאַן, י. רא־
בינאָוויטש, א. טישלער, ר. פאלק, נ. שיפרין. פיעסעס אף דער יידישער טעמאטיק
האָבן געשטעלט א סאך טעאטער־קאָלעקטיוון פון דער פראָווינץ.
מאטעריאלן וועגן דער קינסטלערישער אויספורעמונג פון די ספעקטאקלען
מיט יידישע סוזשעטן קאָן מען טרעפן אין פיל ארטיקלען אין זשורנאלן און
צייטונגען, אין די קאטאלאָגן פון אנטשפרעכיקע אויסשטעלונגען, אין מאָנאָגרא־
פיעס וועגן טעאטער און וועגן באזונדערע קינסטלער, אין פאָטאָטעקעס פון
טעאטראלע מוזייען און ביבליאָטעקן פון מאָסקווע, לענינגראד, קיעוו און אנד.
ליידער ווערן די רעצענזיעס אף טעאטער־שטעלונגען אָפט באגרענעצט מיט אל־
געמיינע פראזעס אָדער באגייסטערטע אויסרופן, און די געבראכטע איליוסטרא־
ציעס זיינען צוליב דער שלעכטער קוואליטעט פונעם דרוק־פאפיר ניט קיין
דייטלעכע.

איינער פון די ערשטע טעאַטראַלע קינסטלער אין רוסלאַנד איז געווען מ. שישקין. ער האָט קינסטלעריש אויסגעפֿורעמט די ספּעקטאַקלען פונעם פּעטערבורגער אָפּערע־טעאַטער „יעהודים" פונעם קאָמפּאָזיטאָר א. סעראָוו (1869), „די מאַקאַבייער" פון א. רובינשטיין (1876), „די מאַלקע שוואָ" פון ק. גאָלדמאַרק (1880) און אַנד.

אין דער דעקאָראַציע־קונסט פון רוסלאַנד האָט א באַזונדערע ראָליע געשפּילט די אויספֿורעמונג פון די ספּעקטאַקלען אינעם מאָסקווער טעאַטער אַפּן נאָמען פון ס. מאַמאָנטאָוו, באַזונדערס די ליברעטאָ פון דער אָפּערע „יויסעף האַצאַדיק" (קאָמפּאָזיטאָר נ. קאַראַטקאָוו) און די טראַגעדיע „שאָול האַמעלעך" (1885 און 1889 יאָרן). די דעקאָראַציעס צו דער אָפּערע „יויסעף האַצאַדיק" האָט געמאָלט וו. פּאָלענאָוו (א סוואָרע, אַז מיט דער הילף פון אי. לעוויטאַן און וו. סעראָוו). פּאָלענאָוו, ווידער, האָט עטוואָס שפּעטער אָנגעשריבן דעקאָראַציעס צו די אָפּערעס „אוריעל אַקאָסטאַ" פונעם קאָמפּאָזיטאָר וו. סעראָוו (בערגמאַן) אין פּעטערבורגער אָפּערע־טעאַטער (1885) און „די מאַקאַבייער" פונעם קאָמפּאָזיטאָר א. רובינשטיין (פּעטערבורגער פאָלקס־הויז, 1909). די עסקיזן געפינען זיך אין פּאָלענאָווס הויז־מוזיי. די דעקאָראַציעס צו דער טראַגעדיע „שאָול האַמעלעך" האָט געמאָלט מ. ווּרובעל.

א ביסל שפּעטער האָט אין דער אַנטוויקלונג פון דער טעאַטראַל־דעקאָראַטיווער קונסט אַרייַנגעטראָגן זייַן צושטייַער דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער („מכאַט"). באַם אויספֿורעמען זייַנע ספּעקטאַקלען האָט ער זיך באַמיט אופּצושטעלן א היסטאָריש־דריכטיק בילד פונעם לעבנשטייגער פון דער עפּאָכע. צו די פּיעסעס מיט א ייִדישער טעמאַטיק, וועלכע דער טעאַטער האָט אופגעפירט, געהערט ל. אַנדרייעווס פּיעסע „דער כיירעם" (דעקאָראַציעס פון וו. סימאָוו) און די „מיזערן" (אַרעמעלייַט) פון ס. יושקעוויטש, דעקאָראַציעס פון וו. יעגאָראָוו (1909—1910).

פון די אַנדערע פּאַר־רעוואָליוציאָנערע טעאַטראַלע שטעלונגען אין די רוסישע טעאַטערס, וואָס זייערע דעקאָראַציעס האָבן געמאָלט קינסטלער, וועלן מיר אָנווייַזן אף א. סעראָווס אָפּערע „יעהודים", דעקאָראַציעס פון וו. סעראָוו (פּעטערבורגער אָפּערע־טעאַטער, 1907), א. בערנשטיינס דראַמע „ייִסראָעל", דעקאָראַציעס פון פּ. לאַוורעסקי, און וו. שעקספּירס טראַגעדיע „דער סוחער פון ווענעציע", דעקאָראַציעס פון ל. בראַילאָווסקי (מאָסקווער „קליינער טעאַטער", 1912 און 1916).

דאָ דאַרף מען דערמאָנען די עסקיזן פונעם קינסטלער ל. באַקסט, די אָנצוגן צו די באַלעטן פון ר. שטראַוסעס „די לעגענדע וועגן יויסעף האַצאַדיק" און „סאַלאָמייע" (געשטעלט אין פּאַריזש, אין 1914).

נאָך דער רעוואָליוציע האָבן פאַרשיידענע רוסישע טעאַטערס, דעריקער פון די הויפּט־שטעט, געשטעלט ספּעקטאַקלען מיט יידישע סוזשעטן און צוגעצויגן קינסטלער צום מאָלן די דעקאָראַציעס.

פון די לענינגראַדער טעאַטערס: דער גרויסער דראַמאַטישער האָט געשטעלט שעקספּירס „דער סויחר פון ווענעציע" (קינסטלער א. בענוא, 1920), דער גרויסער אָפּערע־טעאַטער — שטראַוסעס „סאַלאָמייע" (קינסטלער מ. קורילקאָ, 1925), דער „פרייער טעאַטער" — „מענדל מאַראַנץ" לויט ר. דאָרפמאַן (קינסטלער נ. אַקימאָוו, 1926).

פון די מאָסקווער טעאַטערס: דער „קליינער טעאַטער" — אָ. אויילדס „סאַלאָמייע" (קינסטלער ק. קאַראָווין, 1917), ק. גוצקאָווס „אוריעל אַקאָסטאַ" (קינסטלער י. ראַבינאָוויטש, 1940), דער קאַמער־טעאַטער — אָ. אויילדס „סאַלאָמייע" (קינסטלער א. עקסטער, 1918), שפּעטער — א. מאַריענהאָפס „דער אַדוואָקאַט פון באָול" (קינסטלער ק. מעדונעצקי און וו. שטענבערג, 1924), פּ. מאַרקישעס „ווער וועמען?" (קינסטלער וו. רינדין, 1932); דער „מכאַט" — ד. בייראָנס „קאַין" (קינסטלער נ. אַנדרייעוו, 1920); דער קאָמעדיע־טעאַטער, געוועזענער קאָרש־טעאַטער — ג. קייזערס „די יידישע אַלמאָנע" (קינסטלער ג. יאַקולאָוו, 1923); דער „נייער דראַמאַטישער טעאַטער" — מ. לערמאָנטאָווס „שפּאַניער" (קינסטלער וו. טריוואַקס, 1925); דער גרויסער טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט (אויך דער עקספּערימענטאַלער) — מ. וואַסילענקאָס באַלעט „יוסעף דער פּאַרשוין" (קינסטלער ב. ערדמאַן, 1925); דער וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער — פּ. מאַרקישעס „דער פינפטער האָריזאָנט" (קינסטלער י. ראַבינאָוויטש, 1932); דער „נייער טעאַטער" — ק. גוצקאָווס „אוריעל אַקאָסטאַ" (קינסטלער ב. ערדמאַן, 1934); דער טעאַטער אָפּן נאָמען פון מאָסקווער סאָוועט — פּ. וואָלפּס „פּראָפעסאָר מאַמלאָק" (קינסטלער יו. פּימענאָוו און וו. וואַסילייעוו, 1935); דאַניעל מייעראָוויטשעס „דער כלאָפּטשיק" (קינסטלער מ. אַקסעלראָד, 1936); דער סאַטירע־טעאַטער — די ברידער שור „ניט קיין גלייכער שידעך" (קינסטלער ל. זוסמאַן, 1938); דער צענטראַלער ליאַלקע־טעאַטער — אי. שטאָקס „די געטלעכע קאָמעדיע" און „נויעכס טייווע" (קינסטלער ב. טוזלוקאָוו, 1961 און 1968).

פּיעסעס מיט יידישער טעמאַטיק האָבן געשפּילט אויך די טעאַטערס פון די סאָוועטישע רעפּובליקן, קאָנקרעט (לויט ניט פולע ידיעס):

די טעאַטערס פון אוקראַינע — דער קיעווער (געוועזענער סאָלאָווצאָווס — א. אויילדס „סאַלאָמייע" (קינסטלער י. ראַבינאָוויטש, 1919); דער דניעפּראָפּעטראָווסקער אף שעווטשענקאָס נאָמען — „גאָלעס באָול" פון ל. אוקראַינקאַ (קינסטלער ד. פּעטריצקי, 1920); דער כאַרקאָווער טעאַטער אף שעווטשענקאָס נאָמען — שאָלעם־אליינעמס „טעוויע דער מילכיקער" (קינסטלער א. טישלער,

1947); דער זאַפּאָראָזשיער טעאַטער אויף זאַנקאָוועצקעס נאָמען — ק. גוצקאָווס „אוריעל אַקאָסטאַ" (קינסטלער פּ. ניראָד, 1938).

די טעאַטערס פון אַרמעניע — דער יערעוואַנער טעאַטער אויף סונדוקיאַנס נאָמען — וו. שעקספּירס „דער סוחר פון ווענעציע" (קינסטלער ג. יאַקולאָוו, 1926).

די טעאַטערס פון לעטלאַנד — דער ריגער קינסטלערישער — אי. ערענבורגס „לאַזיקס שטורמיש לעבן" און יאַ. ראַיניסעס „יוסף און זיינע ברידער" (קינסטלער א. סקולמע, 1929 און 1932).

וועגן דער קינסטלערישער אויספורעמונג פון די ספּעקטאַקלען אינעם פאַררעוואָלוציאָנערן יידישן טעאַטער זיינען פאַרבליבן ווייניק ידיעות. מיר קאָנען אָנווייזן בלויז אויף א. גאָלדפאַדענס צייכענונג פונעם אשמדאַיס אָנצוג, געמאַכט צו זיין פּיעסע „דער אשמדאַי אָדער דאָס צענטע געבאָט" (זע „סאָוועטיש היימלאַנד" פון 1976, נומ. 11, ז. 142) און אויף ר. פאַלקס עסקיזן (1916; זיי היטן זיך אינעם קינסטלערס פאַמיליען־אַרכיוו) פון טעאַטראַלע בילדער אויף ביבלישע סוזשעטן, וועלכע זיינען באַוויזן געוואָרן אין אַ פּריוואַט הויז (מע איז זיך מעשער, אַז אינעם הויז פון דעם טיי־הענדלער ד. וויסאָצקי אין מאָסקווע).

פאַקטיש זיינען די מאָסקווער יידישע טעאַטערס „האַבימאַ", „גאָסעט" און דער יידישער מעלוכישער קאַמער־טעאַטער געווען די ערשטע אין אַט דער סוויווע, וועלכע האָבן צוגעצויגן פּראָפעסיאָנעלע קינסטלער צום אויספורעמען די ספּעקטאַקלען.

„האַבימאַ" (געעפנט זיך אַלס אַ סטודיע אין 1918, אַרויסגעטראָטן מיט דער ערשטער שטעלונג אין 1922, אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד אין 1928). פאַר די יאָרן, וואָס ער האָט געשפּילט אין סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט ער באַוויזן פאָלגנדיקע פּיעסעס: ש. אַנ־סקי — „האַדיבוק" (קינסטלער נ. אַלטמאַן, 1922); ד. פּינסקי — „דער אייביקער ייד" (קינסטלער ג. יאַקולאָוו, 1923); ה. לייוויק — „דער גולעם" (קינסטלער אי. ניוווינסקי, 1925); ר. האָפּמאַן — „יאַנקעווס כאַלעם" (קינסטלער ר. פאַלק, 1925).

יידישער מעלוכע־טעאַטער — גאָסעט (אָרגאַניזירט געוואָרן אין פּעטראָגראַד אין 1918, צום סאָף 1920 אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע. אַרויסגעטראָטן מיט דער ערשטער שטעלונג אין 1921. עקזיסטירט ביזן 1949). דער גאָסעט האָט צוגעצויגן צום אויספורעמען זיינע ספּעקטאַקלען פאָלגנדיקע קינסטלער:

מ. אַקסעלראָד. אויסגעפורעמט דעם ספּעקטאַקל „מידאַס האַדין" פון ד. בערגעלסאָן, 1923.

נ. אַלטמאַן. אויסגעפורעמט די ספּעקטאַקלען „אוריעל אַקאָסטאַ" פון ק. גוצקאָוו, 1922; „הונדערט איין און דרייסיק קינדערהיימען" פון א. וועוויאָרקע, 1925; „דער דאָקטער" פון שאָלעם־אַליכעם, 1925; „דאָס צענטע

געבאָט" פון י. דאָברושין, 1925; „כאַווער שינדל" פון א. וועוויאָרקע, 1926; „עס ברענט" פון י.־ל. פּערעץ, 1940.

א. גוסאַטינסקי. „דער קויסל מאַראַווי" פון ל. מיזאַנדראָנצעוו, 1935.

י. ראַבינאָוויטש. „גאָט פון נעקאָמע" פון ש. אַש, 1921; „די קישעפמאַכערן" פון א. גאָלדפאַדען, 1922; „דער געריכט גייט" פון י. דאָברושין, 1929; „ניט געדייגעט" („ערד") פון פּ. מאַרקיש, 1931; „יוליס" („פיר טעג") פון מ. דאַניעל, 1931; „טעוויע דער מילכיקער", לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1938; „דער טויבער" פון ד. בערגעלסאָן, 1939.

י. ראַביטשעוו. „דער געט" פון שאָלעם־אַלייכעם, 1924; „א נאַכט באַם כסידישן רעבן" פון י. דאָברושין, 1924; „דער אופשטאַנד" פון ל. רעזניק, 1927.

י. ראַביטשעוו (צוזאַמען מיט א. סטעפּאַנאָוון) — „צוויי הונדערט טויזנט", 1923; „דריי פינטעלעך ייד" פון י. דאָברושין און נ. אויסלענדער, 1924.

וו. רינדין. „שולאַמיס" לויט א. גאָלדפאַדען, 1937.

א. סטעפּאַנאָוו. „דער ספּעק" פון י. דאָברושין און י. נוסינאָוו, 1932.

א טישלער. „דער גאַזלען בויטרע" פון מ. קולבאַק, 1936; „באַר־קאָכבא" פון ש. האַלקין, 1937, „די מישפּאָכע אָוואַדיס" און „דער מאָלציַיט" פון פּערעץ מאַרקיש, 1937 און 1939, „בלאָנדזשנדע שטערן" און „דער פּאַרקישעפטער שניידער" לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1941 און 1943; „אין טאַכאַס אין" און „דער אופשטאַנד אין געטאָ" פון פּערעץ מאַרקיש, 1943; „די קאַפּריזנע קאַלע" און „די קישעפמאַכערן" לויט א. גאָלדפאַדען, 1944 און 1949; „פרייליכס" פון ז. שנייער (אָקון), 1945.

ר. פאַלק. „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק" פון י.־ל. פּערעץ, 1925; „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי" לויט מענדעלע מויכער־ספאָרים, 1927; „שלוימע מיימאָן" פון מ. דאַניעל, 1940; „די שפּאַניער" פון מ. לערמאָנטאָוו, 1941, „די וועלדער רוישן" פון א בראַט און ג. לינקאָוו, 1946.

יע. כייפעץ (צוזאַמען מיט שאַריקאָוון). „הרעבליעס" פון ה. אָרלאַנד, 1930.

מ. שאַגאַל. „מאַזלטאָוו" לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1921.

נ. שיפרין. „צוויי קונילעמלעך" פון א. גאָלדפאַדען, 1940־ער יאָרן; „ערעוו יאָמטעוו" פון י. בראָדערזאָן, 1947.

ד. שטערנבערג. „דער לופט־מענטש" („מענאַכעם־מענדל" לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1928).

אין מאָסקווע האָבן פון צייט צו צייט געשפּילט אויך אַנדערע יידישע טעאַטער־קאָלעקטיוון. אין די 20־ער יאָרן האָט געאַרבעט די סטודיע „פרייקונסט", וועלכע האָט, אַגעוו, געשפּילט ה. לייוויקס פּיעסע „דער גוילעם" (קינסטלער א. שולריכטער, 1927), אין די דרייסיקער יאָרן האָט אין מאָסקווע געאַרבעט א סטודיע אונטער דער אָנפירונג פון א. אַזאַרך־גראַנאָווסקאַיאַ, די סטודיע האָט

אופגעפירט שאָלעם־אלייכעמס „בלאָנדזנדע שטערן" אין דער קינסטלערישער אויספורעמונג פון ר. פאלק.

אָנהייבנדיק פון די 60־ער יאָרן ארבעט אין מאָסקווע (באם מאָסקאָנצערט) א ייִדישער דראמאטישער אנסאמבל, וועלכער איז ארויסגעטראָטן מיט א ריי ספּעקטאקלען, דערונטער „מעייווער לעיאם" פון י. גאַרדין (קינסטלער נ. סאָמאָוו), „דער פּארקישעפּטער שנײַדער" לויט שאָלעם־אלייכעמען (קינסטלער ג. פּערקעל).

אויסער דעם גאָסעט האָבן אין די ערשטע סאָוועטישע יאָרצענדליקער פונקציאָנירט אזעלכע וויכטיקע קאָלעקטיוון, ווי דער ייִדישער מעלוכע־טעאטער פון ווײַסרוסלאַנד און דער ייִדישער מעלוכע־טעאטער פון אוקראַינע. דער ערשטער האָט געארבעט אין מינסק אין די יאָרן 1923—1941. באזונדערע ספּעקטאקלען זײַנע האָבן אויסגעפורעמט פאָלגנדיקע קינסטלער:

מ. אקסעלראָד. „דער שטרײַק פון די שניטער" פון ל. זיסקינד, 1935; „שוועסטער" פון י.־ל. פּערעץ, 1937; „טעוויע דער מילכיקער" און „מענאכעם־מענדל" לויט שאָלעם־אלייכעמען, 1938—1940.

ס. ווינשנעוועצקאיא (צוזאמען מיט יע. פראדקינע). „יאָרשים" פון וו. גאָלאָוואטשינער, 1930־ער יאָרן.

יע. מאנדעלבערג. „הירש לעקערט" פון א. קושניראָוו, 1928.

אי. טאכליס. „שיר־האשירים" און „די לעוואָנע דערציילט" לויט שאָלעם־אלייכעמען און י.־ל. פּערעצן, 1923.

י. ראבינאָוויטש. „א יאָמטעוו אין קאסרילעווקע" פון ז. אקסעלראָד און אי. כאריק, 1929.

ב. ריבאק. „אױף דער קייט פון א באלטשוווע" פון י.־ל. פּערעץ, 1925.

א. טישלער. „באַטווין" פון א. וועוויאָרקע, 1927; „צוויי־און־זעכציקסטער באצירק" פון י. דאָברושין, 1928; „דער טויבער" לויט ד. בערגעלסאָנען, 1928.

ר. פאלק. „דער פּארקישעפּטער שנײַדער" לויט שאָלעם־אלייכעמען, 1941.

י. טשײַקאָוו. „דער ביידער" (לויט שאָלעם־אלייכעמען, 1941).

ג. יאקולאָוו. „שיילאָק" („דער סוחער פון ווענעציע") פון וו. שעקספּיר, 1925.

אין קיִעוו האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאכט געארבעט א קורצע צײַט (1920—1923) א ייִדישע טעאטער־סטודיע „קולטור־ליגע". אױף דער באזע פון אָט דער סטודיע איז שפּעטער אופגעקומען דער ייִדישער מעלוכע־טעאטער פון אוקראַינע. די סטודיע האָט אופגעפירט אייניקע פּיעסעס (שאָלעם אשס „גאָט פון נעקאָמע", שאָלעם־אלייכעמס „200 טויזנט, י.־ל. פּערעצעס

„מעקובאָלים“, „די גאָלדענע קייט“, „די פּוסטע קרעטשמע“). אַלע זײַנען זיי געווען אויסגעפֿורעמט פֿונעם קינסטלער נ. שיפֿרין.

דער אוקראַיִנישער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער האָט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט אין כאַרקאָוו (אין 1925), דערנאָך איז ער איבערגעפֿאָרן קיין קיִעוו (1934—1941). בײַס דער מילכאָמע איז ער עוואַקויִרט געוואָרן קיין קאָקאַנד. נאָך דער עוואַקואַציע האָט זײַן עקזיסטענץ זיך איבערגעריסן. די ספּעקטאַקלען פֿון אָט דעם טעאַטער זײַנען אויסגעפֿורעמט געוואָרן מיצאַד א ריי קינסטלער:

מ. אַקסעלראָד. „דער גאָזלען בויטרע“ פֿון מ. קולבאַק, 1936; „דער פֿאַרקישעפּטער שנײַדער“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1944; „איך לעב“ פֿון מ. פּינטשעווסקין, 1945.

נ. אַלטמאַן. „באַר־קאָכבאַ“ און „אַרן פֿרידמאַן“ פֿון ש. האַלקינען, 1938 און 1939; „דער פֿאַרקישעפּטער שנײַדער“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1940; „שוועסטער“ פֿון י.־ל. פּערעץ, 1940.

מ. דראַק. „דאָס נײַע דאָרף“ און „דרײַענדיקער פֿליגל“ פֿון א. וועוויאָרקע, 1930; „הערשעלע אָסטראָפּאָליער“ פֿון מ. גערשענזאָן, 1936.

ס. זאַריצקי. „באַלעטויוועס“ לויט מענדעלע מויכער־ספֿאָרימס „די טאַקסע“ און „דער פּריזיוו“, 1928.

ל. קראָל. „הירש לעקערט“ פֿון א. קושניראָוו, 1928.

יע. מאַנדעלבערג. „ניט געדײַגעט“ לויט פּערעץ מאַרקישעס פּיעסע אונטער דעם זעלבן נאָמען, 1931.

י. ראַבינטשעוו. „שאַבסיי־צווי“ לויט יו. זשולאָווסקי און ש. אש, 1925; „צוויי קונילעמלעך“ לויט א. גאָלדפֿאַדענען, 1926.

ג. רודיק. „בלוט“ פֿון ב. אָרשאַנסקי, 1930.

י.־ב. ריבאַק. „פּורים־שפּיל“ פֿון ע. לויטער, 1925; „אין ברען“ פֿון מ. דאַניעל, 1926.

וו. ריפּטין. „געדעקטע קאָרטן“ פֿון מ. פּינטשעווסקי, 1930; „יוליס“ פֿון מ. דאַניעל, 1931; „טעוויע דער מילכיקער“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1938.

פּ. סלוצקי. „יונגען“ פֿון ע. פּינינבערג, 1927.

א. טישלער. „די לעצטע“ פֿון ל. רעזניק, 1928.

נ. שיפֿרין. „200 טויזנט“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1920; „מעקובאָלים“ לויט י.־ל. פּערעצן, 1920.

וו. שקלייעוו. „שלעק“ פֿון אי. פּעפּער און פּ. סיטאָ, 1928.

מ. עפּשטיין. „דער קוימענקערער“ פֿון אי. פּעפּער און נ. פּידל, 1926; „ריסטאָקראַטן“, „מענטשן“, „פֿאַרביטן די יאָצרעס“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען, 1927, אאַ.

ביז דער מילכאָמע האָט אין קיעוו פונקציאָנירט אויך א יידישער טעאטער פון יונגן צושויער (א ריי ספעקטאקלען האָט דאָרט אויסגעפורעמט דער קינסטלער נ. מעלאמעד) און א יידישע טרופע אינעם ליאלקע־טעאטער. די טרופע האָט געשטעלט די ספעקטאקלען: ב. גוטיאנסקי „לייזער דער בייזער", קינסטלער מארגאָלין; פ. סיטאָ „שיקע דער זאיקע", קינסטלער בעלאָצערקאָווסקי.

דורך פאראייניקן דעם וויניצער יידישן טעאטער און די אָדעסער יידישע טעאטראלע סטודיע איז אין 1935 געשאפן געוואָרן דער אָדעסער יידישער מעלוכע־טעאטער. ער האָט אויפגעפירט פאָלגנדיקע ספעקטאקלען: „בלאָנדזנדע שטערן" לויט שאָלעם־אלייכעמען, קינסטלער ל. זוסמאן, 1939; י.־ל. פערעץ „שוועסטער", קינסטלער ג. קעסלער, 1941. אָנהייב מילכאָמע איז דער טעאטער עוואקוירט געוואָרן קיין סאמארקאנד, נאָך דער מילכאָמע איז ער אריבערגעפאָרן קיין טאשקענט, ווו זיינע ספעקטאקלען האָט אויסגעפורעמט דער קינסטלער וו. ריפטין.

אף אוקראינע האָבן ביז דער מילכאָמע געארבעט אויך אנדערע יידישע טעאטערס (דער דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנטלעכער, דער קריוואָראָגער באוועגלעכער אא.).

אין די דרייסיקער יאָרן איז אָרגאניזירט געוואָרן און האָט א געוויסע צייט געארבעט דער בּיראָבּידזשאנער יידישער מעלוכע־טעאטער. אייניקע ספעקטאקלען זיינע האָבן אויסגעפירעמט די קינסטלער: ס. גאָלדבערג (מ. קולבאקס „דער גאזלען בויטרע" און מ. דאניעלס „זיאמקע קאָפּאטש"); ל. זעווין („גאָלדגרעבער", [„דער אויצער"] לויט שאָלעם־אלייכעמען); י. ראביטשעוו (מ. דאניעלס „יוליס"); נ. שיפרין (ק. גוצקאָווס „אוריעל אקאָסטא").

אין 1978 איז אָרגאניזירט געוואָרן דער בּיראָבּידזשאנער מוזיקאלער קאמער־טעאטער. ער האָט באוויזן די אָפּערע־מיסטעריע „א שווארץ צייכל פאר א ווייס פערדל" (טעקסט פון אי. רעזניק, יידיש — כ. ביידער, מוזיק פון יו. שערלינג, קינסטלער א. גלאזונאָוו).

אין ליטע טרעט ארויס דער ווילנער יידישער פאָלקס־טעאטער. איינער פון אירע ספעקטאקלען — מ. גערשענזאָנס „כעלעמער כאכאָמים" — האָט אויסגעפורעמט דער קינסטלער מ. פערצאָוו.

די אנטוויקלונג פון די סטילן פון דער טעאטראלער דעקאָראציע־קונסט פון XX יה. ווערט באגלייט מיט ענערגישע עסטעטישע זוכונגען און נאָוואטאָרישע שטרעבונגען אין אנדערע געביטן פון דער מאָלעריי־קונסט און אין דער ארכיטעקטור. אָנשטאָט דעם רעאליזם איז ערעוו דער רעוואָליוציע אויפגעקומען דער קובאָפוטוריזם און נאָך אים דער קאָנסטרוקטיוויזם. אָנשטאָט בילדערישע דעקאָראציעס און אקסעסוארן, וועלכע באווייזן דעם היסטאָרישן און שטייגערישן פאָן פונעם ספעקטאקל, האָבן די טעאטער־קינסטלער אָנגעהויבן לאָזן אין

גאַנג אַבסטראַהירטע מאַסשטאַב־פֿאָרמען (פֿון לײַוונט, וואָס איז אָנגעצויגן אויף אַ לײַכטן קאַרקאַס).

אין נוסעך פֿון דער טעאַטראַל־דעקאָראַטיווער קונסט, האָט זיך אַנטוויקלט די דראַמאַטורגיע. די פּיעסעס פֿון אַ טראַדיציאָנעלער סטרוקטור, וועלכע האָט פֿאָרויסגעזען אַ באַגרענעצטע צאָל אַקטן, זײַנען פֿאַרביטן געוואָרן אויף דראַמאַטישע ווערק אין אײַנסצענירונגען, וואָס זײַנען פֿול מיט אַן אַ שיר סצענישע סיטואַציעס. באַם אויפֿירן די ספּעקטאַקלען האָט מען אָנגעהויבן באַנוצן פֿאַרײַנפֿאַכטע עלעמענטן, מיט וועלכע מע פֿלעגט דורך פֿאַרשיידענע מאַניפּולאַציעס באַקומען פֿיל וואַריאַציעס פֿון די סצענישע בילדער.

אַ נײַער קער אין דער טעאַטראַל־דעקאָראַטיווער קונסט איז פֿאָרגעקומען אין 1932, ווען אַ ספּעציעלע פּאַרטיי־באַשטימונג איז געווען געווידמעט דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. די ווײַטערדיקע זוכונגען אין דער קינסטלערישער אויספֿורעמונג זײַנען אַריבער פֿון דעקאָראַציעס און מאָלערײַ טיילווײַז אויך צו אַפּליקאַציעס. עס האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ גרעסערע ראָליע די ליכט־עפֿעקטן, מע האָט גענומען זיך באַנוצן מיט פּראָיעקציעס פֿון דיאַפּאָזיטיוון און פֿון קינאָ־קאַדרען.

ווען מע לייענט די רעצענזיעס פֿון יענער צײַט, באַקומט מען יעדעס וועגן באַזונדערע סאַמע כאַראַקטעריסטישע טעאַטראַלע אַרבעטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן רעזאָנאַנס. עס האַנדלט זיך וועגן די שאַפֿונגען פֿון אַזעלכע קינסטלער, ווי אַלטמאַן, ראַבינאָוויטש, טישלער, שיפֿרין, עקסטער, יאַקולאָוו.

אַלטמאַן האָט באַם גרייטן דעם ספּעקטאַקל „האַדיבוק" געמאָלט דעם אינטעריער פֿון אַ סינאַגאָגע: דעם צימער, ווו עס זיצט דער צאַדיק, דעם קליינעם הויף, וואָס רינגלט אַרום דאָס הויז פֿון דער קאַלע, די אָנצוגן פֿון די פּערסאָנאַזשן פֿון דער פּיעסע (שוואַרצע אָדער ווײַסע אָנצוגן פֿון די אָרעמעלײַט, גראָע און בונטע פֿון די באַלעבעסלעך). באַ זיי אַלעמען — אַן אויטירטער גרים, וואָס מאַכט דעם אײַנדרוק פֿון מאַסקעס. באַם אויספֿורעמען דעם ספּעקטאַקל „אוריעל אַקאָסטאַ" האָט אַלטמאַן געשאַפֿן באַדינגלעכע ערטער, וועלכע פֿיגורירן אינעם ספּעקטאַקל („אַ ביבליאָטעק", „אַ סאָד", „אַ הויז", „אַ סינאַגאָגע"), ניט זוכנדיק קיין היסטאָרישע פּינקטלעכקײַט. אויפֿן פֿאָן פֿון שוואַרצן סאַמעט האָבן זיך אויסגעטיילט מאַסשטאַב־פֿאָרמען פֿון באַזילבערטן שטאָף: פֿלאַכקײַטן, אונטערגעהאַנגענע דוהעס, וועלכע מאַכן דעם אײַנדרוק פֿון אַ געוועלבטן צימער, פֿון טרעפּ. די אָנצוגן פֿון די שוישפּילער זײַנען האַרטע, גראַנירטע (שטײַף אָנגעצויגענער שטאָף אויף אַ דראָטענעם קאַרקאַס).

פון די ספּעקטאַקלען, וועלכע ראַבינאָוויטש האָט אויסגעפֿורעמט, קאָן מען אויסטיילן „ניט געדיייגעט“ און „אוריִעל אַקאָסטא“. אין „ניט געדייגעט“ האָט דער קינסטלער געשאַפֿן אַף אַ קליינער בינע אַ בילד פֿון אַן ענדלאָזן סטעפּ. פונעם פּאָרטאַל האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַלב־קיילעכדיקער פּלאַץ פון אַ מעשו־פעדיקער פאָרם און געפירט (פון רעכטס אַף לינקס) אין דער טיף. הינטער דעם פּלאַץ — צוויי דרייעקן, דאָס אַלץ איז באַדעקט מיט מעסט־ליניעס. דער קופּערנער קרייז, וואָס איז געהאַנגען פון הינטן, האָט פונעם פּראָזשעקטאָר־שטראַל, וועלכער איז געווען געצילט אין אים, זיך צעברענט, ווי אַ זון אַפן האָריזאָנט, און די שאָטנס צווישן די מעסט־ליניעס האָבן געשאַפֿן אַן אילוזיע פון פעלדער, וואָס זיינען צעאַקערט אין בייטן. אין „אוריִעל אַקאָסטא“ האָט ראַבינאָוויטש, ווי אָפּשפּיגלענדיק די עסטעטיק פון די העלדן פון דער פּיעסע, געמאָלט אַ סאָד פון אַן אַמסטערדאַמער גוויר מיט פֿאָנטאַנען און סקולפּטורן, אַן אינטעריער פון אַ סינאַגאָגע, רייכע מאַנטיעס, אָנצוגן, בגאָדים און ריטועלע מאַלבושים פון די פּערסאָנאַזשן. רעמבראַנדס ליכט און שאָטן איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס עמאָציאָנעל־אויסדריקלעכע מיטלען פונעם ספּעקטאַקל.

אין טישלערס אַרבעטן וועלן מיר אָפּמערקן די אויספורעמונג פון די ספּעקטאַקלען „באַטווין“, „בלאָנדזנדע שטערן“ און „פריילעכס“. אין „באַטווין“ האָט טישלער מיט קאַרגע מיטלען געגעבן אַ בילד פונעם אָרט, וווּ די האַנדלונג קומט פאָר. די דוהע־פּאָנאַרן און בענק האָבן געשאַפֿן דעם איינדרוק, אַז מע זעט פאַר זיך גאַסן, פּלאַגן פון מאַלינע־פאַרבן מיט איינקעפּיקע אָדלערס, וועלכע האָבן ווי באַוויזן דעם לאָקאַל פון דער פּוילישער אָכראַנקע, די שטאַכעטן אַף טונקעלן סאַמעט — די טפּיסעס. אין „בלאָנדזנדע שטערן“ איז קימאַט אַלץ איבערגעגעבן דורך מאָלעריי: דער פּייזאַזש פון אַ קליין שטעטל, די שמוציקע קוליסן פון אַ וואַנדער־טעאַטער, דער געלאַטעטער טעאַטער־פאָרהאַנג, די שיין פון דער לעוואָנע, די פייערן פון די הימלקראַצערס פון אַן אַמעריקאַנער שטאָט. אין „פריילעכס“ זעט מען אַ כופּע, באַפּוצט מיט הירשן־הערנער, וועלכע דערמאָנען לייכטערס מיט בענטש־ליכט. הינטער דער כופּע זעט מען צוויי ווענט מיט פענצטער (פאַר די סצענעס אינעם אינטעריער), אַ פאָרהאַנג מיט ארויסגאַנג־טירן. די דעקאָראַציעס און דער פאָרהאַנג זיינען געמאַכט פון סאַמעט פון פאַרשיידענע קאָלירן מיט אַפּליקאַציעס פאַר די פענצטער אאַז״וו.

שיפרין האָט באַם אויספורעמען דעם ספּעקטאַקל „צוויי הונדערט טויזנט“ אויסגעמאָלט אַפן לייוונט אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַר דעקאָראַציעס פון אַ צימער: פענצטער מיט פּייזאַזשן אין זיי, אַף די פענצטער בלומען, אַף די ווענט בילדער און אַפילע דאָס מעבל. פאַר דער פּיעסע „גאָט פון נעקאָמע“ האָט שיפרין צו־

געטראכט א מין ביניען, ווו אף זייַנע דריי שטאָקן האָט זיך אנטוויקלט די שפּיל. אין יענע יאָרן איז דאָס געווען א ביז גאָר דרייסטע לייזונג.

אין דער קוביש־פוטוריסטישער אויספורעמונג פון דער פּיעסע „סאלאָמייע", וועלכע עס האָט אויסגעפילט די קינסטלערן עקסטער, האָט געפונען אָן אָפּקלאַנג די רעאַלע ארכיטעקטור און פּייזאזש. פון די פריזמעס האָט מען מאַנטירט טרעפּ, פון די צילינדערס און קובן — קאָלאָנעס. באזונדערע עלעמענטן זייַנען צוגע־גרייט געוואָרן פון לייַוונט, אָנגעצויגענעם אף הילצערנע ראמען. דער שווארץ־באזילבערטער פאָרהאנג האָט אָפּגעצאמט פון דער אוואנסצענע דעם ברונעם — דאָס אָרט, ווו עס איז געזעסן ארעסטירט דער נאָווי יויכענען.

אפן ספּעקטאקל „דער אייביקער ייִד" האָט מיט באגייַסטערונג רעאגירט מאקסים גאָרקי, וועלכער האָט אזוי באשריבן די אויספורעמונג פונעם קינסטלער יאקולאָוו: „עס איז פאַרשוווּנדן די וואנט פונעם פאָרהאנג, און די צוישיער האָבן דערזען פאר זיך א בונטן פילקאָליריקן מארק בא די ווענט פון א קליינעם יישעוו אין יעהודע. דורך די טויערן האָט מען געזען דעם אויסגעברענטן פון דער היץ פליין, אף זייַן האָריזאָנט האָט איינזאם און קרום געסטארטשעט א שטויביקע פאלמע..."

צום שלוס דארף מען צוגעבן, אז ניט געקוקט אפן אויסגעשפּראָכענעם טאלאנט פון א ריי קינסטלער, וועלכע האָבן געארבעט אפן מאטעריאל, וואָס מיר האָבן דאָ באטראכט, ניט געקוקט אף זייער פילפארביקייַט צו די נייַע וועגן פון דער קונסט, האָט אָבער אָפּט זיי געפעלט די געהעריקע באקאנטשאפט מיט דער ייִדישער קולטור. זייערע פרווון אריינצושטעלן אין דער אויספורעמונג דעם נאציאָנאלן קאָלאָריט זייַנען ניט זעלטן ארויסגעקומען עקלעקטיש, אין די עלעמענטן פון די דעקאָראציעס פלעגן אריינגעפירט ווערן ייִדישע טעקסטן מיט גראמאטישע גרייַזן, די סימבאָלן, עמבלעמעס און די העראלדיק האָבן זיך בא־קומען ניט צום אָרט. אזוינס האָט מען געקאָנט טרעפן, לעמאָשל, אין אלטמאנס עסקיזן פאר דעם אינטעריער פון א סינאגאָגע (צום ספּעקטאקל „האדיבוק" אינעם „האבימא"־טעאטער), אין טישלערס עסקיזן צו די דעקאָראציעס פון „פרייליכס" און „דער טויבער" אין מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאטער, אין גלאזונאָווס אויספורעמונג פונעם ספּעקטאקל אינעם ביראָבידזשאנער מוזיקאלן קאמער־טעאטער „א שווארץ ציימל פאר א ווייַס פערדל".

ניט געקוקט אָבער אף די אָנגעוויזענע כעסרוינעס, האָבן די ווערק פון דער טעאטראל־דעקאָראטיווער קונסט אף ייִדישע סוזשעטן געהאט א גרויסע קולטור־באדייַטונג.

# אילוסטראַציעס צו די ווערק פון די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור

אין אַלע צײַטן פון דער ייִדישער געשיכטע האָט די ביכער־גראַפיק פאַרנומען אַ בעקאָוועדיק אָרט. די פּאַרצײַטיקע מאַנוסקריפּטן פון דער ביבל זײַנען געווען רײַך מיט קאַליגראַפישע צייכענונגען און אָרנאַמענטן, מיט בילדער פון הייליקע כּפֿיצים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין בייס־האַמיקדעש.

די קונסט פון באַפּוצן ייִדישע מאַנוסקריפּטן האָט זיך צעבליט אין מיטלאַלטער אין די איסלאַם־לענדער. אויסער די ביבלישע ביכער, אין דער ערשטער ריי דעם כומעש, פלעגט מען אילוסטרירן די פּייסעכדיקע האַגאָדע (צוערשט די געשריבענע, שפּעטער די געדרוקטע עקזעמפּליאַרן).

ווי מיר ווייסן, האָבן די ערשטע ייִדישע וועלטלעכע אויסגאַבעס מיט אילוסטראַציעס זיך באַוויזן אינעם פאַר־רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד צום סאָף פון פאָריקן און אָנהייב פון דעם הײַנטיקן יאָרהונדערט. דאָס זײַנען געווען די אויסגאַבעס פון מענדעלע מוכער־ספאָרימס „די קליאַטשע“ און „פישקע דער קרומער“ (אָדעס, 1889). שפּעטער — די העברעיִשע איבערזעצונג פון שאָלעם־אַלייכעמס ציקל דערציילונגען „יאָמטויווים“ (אָדעס, 1914). די אילוסטראַציעס צו זיי האָט געמאַכט מיט טוש אויף אַ היפּשן קינסטלערישן ניוואָ דער קינסטלער שלוימע קישענעווסקי (אָדעס, 1862—1942).

נאָך דער רעוואָליוציע האָט אין סאָוועטנפאַרבאַנד זיך אָנגעהויבן דער באַרג־אַרויף פון דער ביכער־גראַפיק בכלל, דערונטער אויך פון דער ייִדישער. מיט אָט דער אַרבעט האָט זיך פאַרנומען אַ גאַנצע פּלעיאַדע קינסטלער. אייניקע פון זיי האָבן שטאַרק באַרײַכערט די ייִדישע ביכער־גראַפיק מיט פאַרשיידנאַרטיקע סטילן און קינסטלערישע מאַנירן, מיט דער אויספילונג־טעכניק.

צו די אָנגעזעענע ייִדישע קינסטלער, וועלכע האָבן געשאַפן אַ גרויסע צאָל ביכער־אילוסטראַציעס, געהערן פאָלגנדיקע (לויטן אַלעפבייס): אינגער, אַלטמאַן, אַקסעלראָד, גאָרשמאַן, פראַדקין, קאַפּלאַן, קראַווצאָוו. אַלע זײַנען זיי געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן אינעם ייִדישן טכום, און זיי זײַנען גוט באַקאַנט מיטן שטעטלשן לעבנשטייגער און פּייזאַזש.

ה ע ר ש  א י נ ג ע ר  (געב. אין סאַרנע לעבן אומאַן אין 1910, וווינט אין מאָסקווע). אַ גראַפיקער, אַרבעט פיל אויף איליוסטראַציעס צו די ווערק פון די ייִדישע קלאַסיקער. מיט זײַנע צייכענונגען זײַנען איליוסטרירט פאָלגנדע אויסגאַבעס: י.־ל. פּערעץ — „רײַזע־בילדער", מאָסקווע, 1947; שאָלעם־אַלייכעם — „מאָטל פּייסי דעם חזנס", מאָסקווע, 1947 (דאָס זעלבע אין דער איבערזעצונג אויף רומעניש, בוקאַרעשט, 1949); „טעוויע דער מילכיקער", מאָסקווע, 1947; „מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע", מאָסקווע, 1948; „דאָס נײַע קאַסרילעווקע", מאָסקווע, 1948; אין אַ רוסישער איבערזעצונג: „ווען איך בין ראָטשילד", „אָן אײַזע", מאָסקווע, 1941; „הײַנטיקע קינדער", מאָסקווע, 1941; „מאָטל פּייסי דעם חזנס", מאָסקווע, 1945; „טעוויע דער מילכיקער", מאָסקווע, 1946; „מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע (און אַנדערע דערציילונגען)", מאָסקווע, 1948 (די אַנדערע דערציילונגען האָט איליוסטרירט מיכאל יאָ); „געקליבענע ווערק", ב. 3 (אינעם באַנד גייען אַרײַן „אײַזנבאַן־געשיכטעס", „מײַסעס פאַר קינדער", „דערציילונגען", וועלכע זײַנען ניט אַרײַן אין די ציקלען), מאָסקווע, 1972.

חוץ דעם, זײַנען באַזונדערע ציקלען איליוסטראַציעס צו אַלע דרײַ קלאַסיקער געדרוקט געוואָרן אין די קינסטלערישע בײַלאַגעס פון „סאָוועטיש היימלאַנד": אין 1964 (נום. 5), 1965 (נום. 9), 1967 (נום. 12), 1970 (נום. 10), 1971 (נום. 7), 1974 (נום. 3), 1975 (נום. 3, 6 און 10), 1977 (נום. 6), 1978 (נום. 8).

דער סטיל און די קינסטלערישע מאַניר פון ה. אינגערס צייכענונגען האָבן זיך אין גאַנג פון דער צײַט געענדערט, דאָס רעדט וועגן זײַנע קינסטלערישע זוכונגען. אינגערס איליוסטראַציעס זײַנען אויסגעפילט אין אַ פאַרשיידענער טעכניק — מיט אַן איטאַליענישן בלײַער, מיט טוש, גואַש און אַקוואַרעל. די איליוסטראַציעס פון די 40־ער יאָרן זײַנען כאַראַקטעריסטיש מיט זייער רעאַליזם און פּאַרענדיקטקײַט. אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן איז דער קינסטלער אַריבער צו לאַקאָנישער צייכענונג, וואָס איז ניט פאַרענדיקט אין די דעטאַלן; אין די לעצטע יאָרן האָט ער געשאַפן אַ ציקל קאָלירטע איליוסטראַציעס, וועלכע אימיטירן קינדער־צייכענונגען (זע „סאָוועטיש היימלאַנד נום. 8 פון 1978).

נ א ט א ן  א ל ט מ א ן  (געב. אין וויניצע אין 1889 — געשט. אין לענינגראַד אין 1970). אַ מאָלער, גראַפיקער, טעאַטראַלער קינסטלער און סקולפּטאָר.

נ. אַלטמאַן האָט איליוסטרירט די רוסישע איבערזעצונג פון שאָלעם־אַלייכעמס „פונעם יאַריד. דערציילונגען", מאָסקווע, 1957. די איליוסטראַציעס זײַ־

נען געמאַכט אין דער מאַניר פֿון אַ דינער פֿען־צייכענונג, מיט טוש איבער אַ קרײַד־גרונט, שפּעטער געקרעלט. לויטן כאַראַקטער זײַנען זיי נאָענט צו אַ גראַווויור אויף שטאָל. דער קונסטקענער י. עטקינד האַלט, אַז „אַלטמאַנס לעבעדיקע און שאַרפֿע צייכענונגען זײַנען ווונדערלעך נאָענט צו דער שטימונג און סטיל פֿונעם אַוטאָרס טעקסט; זיי שטייען אויף דער גרענעץ פֿון אַ שאַרזש, אָבער זיי גייען אין ערגעץ ניט אַריבער די דאָזיקע גרענעץ".

אַלטמאַן האָט אויך אויסגעפֿירעמט די הילעס צו שאָלעם־אַלייכעמס אויסגאַבעס „געקליבענע ווערק", מאָסקווע—לענינגראַד, 1926; צו דער רוסישער איבערזעצונג פֿון די „געקליבענע ווערק" אין צוויי בענדער, מאָסקווע, 1926—1927 און צו דער דערציילונג „ריאַבטשיק", מאָסקווע, 1928. זײַנע פֿאַרביקע איליוסטראַציעס צום „פּאַרקישעפּטן שנײַדער" זײַנען רעפּראָדוצירט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 9 פֿון 1970.

אין אַלטמאַנס שאַפֿונג פֿאַרנעמען אַ היפּש אָרט זײַנע ווערק פֿאַרן טעאַטער. ער האָט געמאַכט מיט גראַפֿיטענע און קאָלירטע בלײַערס, אויך מיט אַקוואַרעל, עסקיזן פֿון די דעקאָראַציעס און אַנצוגן פֿון פֿאָלגנדיקע פּיעסעס: י.־ל. פּערעצעס „שוועסטער" (קיִעווער „גאָסעט", 1940), „עס ברענט" (מאָסקווער „גאָסעט", 1940) און צו די אינסצענירונגען פֿון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק „אַ דאָקטער" (מאָסקווער „גאָסעט", 1925), „יִדישע גליקן", לויט די מאָטיוון פֿון „מענאַכעם־מענדל" („גאָסקינאָ", 1925), „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער", (קיִעווער „גאָסעט", 1940). ער האָט אויך אַן אײַל־קאָמפּאָזיציע אויף דער טעמע פֿונעם ספּעקטאַקל „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער" (1960 און 1963).

**מײער אַקסעלראָד** (געב. אין מאָלאָדעטשנע, ווײַסרוסלאַנד, אין 1902—געשט. אין מאָסקווע אין 1970). אַ מאָלער, גראַפֿיקער און טעאַטראַלער קינסטלער. האָט איליוסטרירט (מיט טוש און גוואַש) פֿאָלגנדיקע ווערק: פּערעצעס (אין אַ רוסישער איבערזעצונג) „די מוטער", „דער טויט פֿון אַ מוזיקאַנט" (פֿאַרן זשורנאַל «30 дней», 1940, נומ. 9/10); שאָלעם־אַלייכעמס „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער", מאָסקווע, 1947; „פֿינף און זיבעציק טויזנט", מאָסקווע, 1947; „דאָס מעסערל", „דער זייגער", „אָפּן פּידל", מאָסקווע, 1948; „מאָנאָלאָגן", מאָסקווע, 1948; אין אַ רוסישער איבערזעצונג: „דער מעלאַמעד בויאַז", מאָסקווע—לענינגראַד, 1930; „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער. דערציילונגען", מאָסקווע, 1956.

מ. אַקסעלראָדס איליוסטראַציעס אויף דער דאָזיקער טעמע זײַנען, כּוץ דעם, אָפּגעדרוקט אין דער קינסטלערישער בײַלאַגע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ.

1 און 7 פון 1967; נומ. 10 פון 1968; נומ. 8 פון 1972, 1974 און 1975.

אף די אויסשטעלונגען פון דעם קינסטלערס ווערק זײַנען דעמאָנסטרירט געוואָרן אויך איליוסטראַציעס, וועלכע זײַנען אין דער פּרעסע ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אייניקע פון אָט די איליוסטראַציעס היטן זיך אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי.

מ. אקסעלראָד האָט געמאַכט עסקיזן צו דעקאָראַציעס און אָנצוגן (אַקוואַרעל, גוואַש) פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון פּערעצעס „שוועסטער" (אין ווײַסרוסישן „גאָסעט", 1940), שאָלעם־אַלײכעמס „טעוויע דער מילכיקער" (דאָרט, 1938) און „דער פאַרקישעפטער שנײַדער" (אוקראַיִנישער „גאָסעט", 1944).

מענדל גאָרשמאַן (געב. אין נאָוואָבאָריסאָוואָ, ווײַסרוסלאַנד, אין 1902 — געשט. אין מאָסקווע, אין 1972). א גראַפיקער. איליוסטראַציעס צו די ווערק פון ייִדישע קלאַסיקער פאַרנעמען אין זײַן שאַפונג א היפּש אָרט.

מ. גאָרשמאַן האָט איליוסטרירט פאָלגנדע אויסגאַבעס: מענדעלע מוכר־ספרים — „מאַסאָעס בנימין השלישי", „פישקע דער קרומער", מאָסקווע, 1959; די זעלבע ווערק אין א רוסישער איבערזעצונג, צוזאַמען מיט דער דערציילונג „דאָס קליינע מענטשעלע", מאָסקווע, 1961.

פּערעץ — „באָנציע שווײַג" און אנדערע דערציילונגען, מאָסקווע, 1947; „וועבער־ליבע"; „האישה מרת קאַנע", מאָסקווע, 1947; „אין קעלער־שטוב", מאָסקווע, 1959; אין א רוסישער איבערזעצונג: „דערציילונגען און מעשׂהלעך", מאָסקווע, 1941; „געקליבענע ווערק", מאָסקווע, 1962.

שאָלעם־אַלײכעם — „שיר־השירים"; „מײַן ערשטער ראָמאַן", מאָסקווע, 1947; „עס פידלט ניט" (אהער גייען אַרײַן אויך „א בעקאָװעדיקע פּאַרנאָסע", „שלים־שלימאַזל"), מאָסקווע, 1948; „געקליבענע ווערק", מאָסקווע, 1959; אין א רוסישער איבערזעצונג: „דערציילונגען", מאָסקווע, 1940; „דאָס גרויסע געווינס", מאָסקווע, 1959; „טעוויע דער מילכיקער", מאָסקווע, 1963; „אָרעמע און פריילעכע", מאָסקווע, 1965; „מעשׂיות פאַר ייִדישע קינדער", מאָסקווע, 1966; „געקליבענע ווערק", ב. 4 (אהער גייען אַרײַן „מענאַכעם־מענדל", „טעוויע דער מילכיקער", „מאָנאָלאָגן", „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס"), מאָסקווע, 1973. אין אן איבערזעצונג אף קירגיזיש: „טעוויע דער מילכיקער", פרונזע, 1966.

א ריי גאָרשמאַנס איליוסטראַציעס צו די ליטעראַרישע ווערק פון די ייִדישע קלאַסיקער זײַנען אָפּגעדרוקט אין די קינסטלערישע בײַלאַגעס פון „סאָוועט־

טיש היימלאנד" (נומ. 8 פון 1966; נומ. 1 פון 1967; נומ. 2 פון 1973; נומ. 9 פון 1975; נומ. 1 פון 1978).

קימאט אלע זײַנע אילוסטראַציעס זײַנען געמאַכט מיט טוש און מיט אַ פּען, אויסער די אוטאָליטאָגראַפֿישע ציקלען צו פּערעצעס „דערציילונגען און מײַסעס" און שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער".

גאַרשמאַנס אילוסטראַציעס קאָן מען לייכט דערקענען: זיי זײַנען זייער אויסדריקלעך. זיי גיבן ריכטיק איבער דעם טיפּאַזש און כאַראַקטער פון די ליטעראַרישע פּערסאָנאַזשן.

מ ו י ש ע  פ ר א ד ק י ן (געב. אין באַרזנע, טשערניגאָווער געגנט, אין 1904 — געשט. אין קראָקאָוו אין 1974). אַ גראַפֿיקער. געאַרבעט אויף מאָנומענטאַלער און ביכער־גראַפֿיק, באַזונדערס אין געביט פון עקסליבריס. ער האָט אילוסטרירט פאָלגנדיקע ווערק:

מענדעלע מויכער־ספֿאָרים — „דאָס ווינטשפֿינגערל", אָדעס 1936, „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי" (אין אַן אוקראַיִנישער איבערזעצונג), כאַרקאָוו, 1934.

שאָלעם־אַלייכעם — „דערציילונגען", כאַרקאָוו, 1935; דאָס זעלבע, אָדעס, 1939; אין אַן אוקראַיִנישער איבערזעצונג: „געקליבענע ווערק", קיִעוו, 1939; „דאָס מעסערל", „מײַסעס פאַר קינדער", אָדעס, 1941. די צייכענונגען זײַנען געמאַכט מערסטנטייל אין דער פאָרם פון גראַווירן אויף האָלץ.

ט א נ כ ו ם (א נ א ט א ל י) ק א פ ל א ן (געב. אין ראָהאַטשאָוו, לעבן האָמעל אין 1902, געשט. אין לענינגראַד אין 1980). אַ מײַסטער פון מאָנומענטאַלער גראַפֿיק אויף ליטעראַרישע טעמעס. געמאָלט אוטאָליטאָגראַפֿישע ציקלען צו די ווערק פון אַלע דרײַ קלאַסיקער. די ווערק זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער פאָרם פון אַלבאָמען פון גרויסן פאָרמאַט:

מענדעלע מויכער־ספֿאָרים — „פישקע דער קרומער", לענינגראַד, 1966—1967;

י.־ל. פּערעץ — „דערציילונגען" („כאַנעקע־ליכטלעך", „מענדל ברײַנעס", „דער פילפאַרביקער לאַמטערן און די פיר קליינע הינטעלעך"), לענינגראַד, 1967;

שאָלעם־אַלייכעם — „טעוויע דער מילכיקער", לענינגראַד, 1961, 1966; „דער פאַרקישעפטער שנײַדער", לענינגראַד, 1957, 1958, 1969; „שיר־השירים", לענינגראַד, 1962; „סטעמפּעניו", לענינגראַד, 1967.

אייניקע פון די ליטאָגראַפיעס זײַנען אויסגענוצט געוואָרן אַלס איליוסטראַציעס צו ביכער: י.־ל. פּרעץ — „דער באַלשעם פירט אויס אַ שידוך און אַנדערע דערציילונגען" (אין אַ דײַטשישער איבערזעצונג), בערלין, 1969; שאָלעם־עליכם — „טעוויע דער מילכיקער", „דערציילונגען" (אין אַ רוסישער איבערזעצונג), מאָסקווע, 1969; „טעוויע דער מילכיקער" (אין אַ דײַטשישער איבערזעצונג), דרעזדען, 1967 און 1969; „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער" (אין אַ דײַטשישער איבערזעצונג), בערלין, 1969.

רעפּראָדוקציעס פון די ליטאָגראַפיעס פון קאַפּלאַנס אַלבאָמען זײַנען געגעבן אין דער קאַפּלאַן־מאָנאָגראַפיע פון באָריס סוריס (מאָסקווע, 1972), אויך אין די קינסטלערישע בײַלאַגעס פון „סאָוועטיש היימלאַנד" (נומ. 4 פון 1962; נומ. 3 פון 1966; נומ. 7 פון 1970; נומ. 8 פון 1971; נומ. 3 פון 1977). קאַפּלאַנס ליטאָגראַפיעס זײַנען געגעבן אין אַ ראַם פון יידישע אויפשריפטן, וועלכע אַנטשפּרעכן די טעקסטן, אויך מיט אָרנאַמענטן פון געוויקסן, פיגורן פון באַלעבאַטים און פייגל.

ג ע ר ש ן  ק ר א ו צ אָ ו (געב. אין טשערקאַס אין 1906, געשט. אין מאָסקווע אין 1981). אַ גראַפיקער. ער האָט אויסגעפורעמט פאָלגנדיקע ביכער פון די יידישע קלאַסיקער:

מענדעלע מויכער־ספרים — „אויסגעוויילטע ווערק" („מאַסאָעס בנימין השלישי", „פישקע דער קרומער"), מאָסקווע, 1959.

שאָלעם־עליכם — „אויסדערוויילטע ווערק". מאָסקווע, 1959; אין אַ רוסישער איבערזעצונג: „פונעם יאריד", מאָסקווע, 1956; „געזאַמלטע ווערק", ב. 6, מאָסקווע, 1958. ג. קראַווצאָוו האָט אויך איליוסטרירט דעם ערשטן באַנד פון דער רוסישער איבערזעצונג פון שאָלעם־עליכעמס געזאַמלטע ווערק (אין אים זײַנען אַרײַן די ראָמאַנען „סענדער בלאַנק", „סטעמפּעניו", „יאָסעלע סאָלאָוויי" און אייניקע דערציילונגען), מאָסקווע, 1971. די צייכענונגען זײַנען מײַסטערהאַפטע, געמאַכט מיט טוש.

אַ ריי ברייטע באַקאַנטע קונסט־מײַסטערס: טאָלקאַטשאָוו, טישלער, טשײַקאָוו, יודאָווין, סעמיאָנאָוו, שאַגאַל האָבן איליוסטרירט באַזונדערע ווערק פון די יידישע קלאַסיקער.

ז י נ אָ ו י  ט אָ ל ק אַ ט ש אָ ו (געב. אין שטעטל שטשעדרין, מינסקער גובערניע, אין 1903 — געשט. אין קיעוו אין 1977). ער האָט געאַרבעט אין

דער מאָנומענטאַלער קונסט און ביכער־גראַפיק, איבער קאַריקאַטורן און פּלאַ־קאַטן. איליוסטרירט שאָלעם־אַליכעמס בוך „פון קאַסרילעווקע" (דערשינען אין וואַרשע אין 1959) און די פּירבענדיקע אויסגאַבע פון שאָלעם־אַליכעמס ווערק אין אַן אוקראַיִנישער איבערזעצונג (קיִעוו, 1967—1968). די צייכענונגען זיינען געמאַכט אין טעמפּעראַ.

אַלעקסאַנדער טישלער (געב. אין מעליטאָפּאָל אין 1898, געשט. אין מאָסקווע אין 1980), פאַרדינסטפולער קונסט־טוער פון דער אוזבעקישער ססר, לאַורעאַט פון דער מעלוכע־פּרעמיע. קינסטלער פון טעאַטער און קינאָ. ער האָט איליוסטרירט די ענגלישע איבערזעצונג פון שאָלעם־אַליכעמס דריי דערציי־לונגען: „גימנאַזיע", „דער גליקלעכסטער אין קאָדני", „דער פּריזיוו" (געדרוקט אינעם זשורנאַל "International Literature" מאָסקווע, 1939, נומ. 2).

א. טישלער האָט אויסגעפורעמט שאָלעם־אַליכעמס ספּעקטאַקלען „בלאָנד־זענדע שטערן" און „דער פאַרקישעפטער שניידער" (אין מאָסקווער „גאָסעט", (אין 1941 און 1943), אויך „טעוויע דער מילכיקער" (אין כאַרקאָווער אוקראַיִ־נישן דראַמאַטישן טעאַטער, 1947).

יויסעף טשייקאָוו (געב. אין קיִעוו אין 1888 — געשט. אין מאָסקווע אין 1979). א סקולפּטאָר און (אינעם ערשטן פּעריִאָד פון זיין טעטיקייט) א גראַפיקער. אין 1917—1922 האָט ער איליוסטרירט א ריי ליטעראַרישע ווערק, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יידיש אין קיִעוו, דערונטער מענדעלעס „דאָס קעלבל", קיִעוו, 1919.

שלוימע יודאָווין (געב. אין בעשענקאָוויטש, וויטעבסקער געגנט, אין 1892 — געשט. אין לענינגראַד אין 1954). א גראַפיקער.

אין 1935 האָט ש. יודאָווין איליוסטרירט מענדעלעס „מאַסאָעס בינימין האַשלישי". דאָס בוך איז ניט דערשינען, די איליוסטראַציעס זיינען פּובליקירט געוואָרן אינעם אַלבאָם „ש. יודאָווינס גראַוויורן אויף האָלץ" (רוסישער טעקסט — ס. סאַראַקין), לענינגראַד, 1941, און אין אייניקע אנדערע אויסגאַבעס.

איוואַן סעמיאָנאָוו (געב. אין ראָסטאָוו־אַפן־דאָן אין 1906, וווינט אין מאָסקווע). פאָלקס־קינסטלער פון רספסר, א גראַפיקער. ער האָט איליוסטרירט

א זאמלונג שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונגען „אין אויסלאַנד און אין דער היים" (דערשינען אין א רוסישער איבערזעצונג, מאָסקווע, 1959, אין דער ביבליאָטעק פונעם זשורנאַל „קראָקאָדיל", העפט 24).

מ א ר ק ש א ג א ל (געב. אין וויטעבסק, אין 1887, געשט. אין פאַריז אין 1986). אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט האָט ער איליוסטרירט פּערעצעס דערציילונג „דער קונצנמאַכער" (ווילנע — פּעטראָגראַד, 1919). ער האָט אויך אויסגעפורעמט א שאָלעם־אַלייכעם־ספּעקטאַקל פון דריי מיניאַטיורן: „אַגענטן", „ס׳א ליגן" און „מאַזלטאָוו", (געשטעלט אין מאָסקווער „גאָסעט" אין 1920).

פון די אַנדערע קינסטלער, וועלכע האָבן עפּיזאָדיש איליוסטרירט מער ווי איין פּובליקאַציע פון די ווערק פון די קלאַסיקער, קאָן מען אָנרופן פּאָלגנדיקע: בלאַנק, וולאַדימיראָוו צוזאַמען מיט טערלעצקין, ווערמוס, לאָסין, פּאַלישטשוק.

ב ע ר (פּ י נ כ אָ ס) ב ל א נ ק — אַוטאָר פון גראַוויורן אף האָלץ צו די ביכער אין אַן אוקראַאינישער איבערזעצונג: שאָלעם־אַלייכעמס „געקליבענע ווערק", כאַרקאָוו, 1930; מענדעלעס „פישקע דער קרומער" און „אויסגעוויילטע ווערק", קיִעוו, 1936 און 1940.

י ו ר י וו ל א ד י מ י ר אָ וו צוזאַמען מיט פּ ע ל י ק ס ט ע ר ל ע צ ק י האָבן קינסטלעריש אויסגעפורעמט די זעקסבענדיקע אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק אין רוסיש (1971—1973) און איליוסטרירט דעם צווייטן באַנד (וווּ עס גייען אַריין די ציקלען „אָרעמע און פריילעכע" און „קאַסרילעווקע"), מאָסקווע, 1971; זיי האָבן אויך איליוסטרירט פּערעצעס בוך אין א רוסישער איבערזעצונג „אויסגעוויילטע ווערק" (אין אים גייען אַריין רייזע־בילדער, דערציילונגען, נאָוועלעס, מיינסעלעך, מעשאָלים, א פּיעסע), דערשינען אין מאָסקווע אין 1976. זייערע צייכענונגען (געמאַכט מיט טוש) טיילן זיך אויס מיט אַן אייגנאַרטיקער טעכניק, וועלכע אימיטירט די ליטאָגראַפיע.

י ע ה ו ד ע ווערמוס — איליוסטראַטאָר פון שאָלעם־אַלייכעמס צוויי דערציילונגען: „דער זייגער" און „אפן פידל", דערשינען אין מאָסקווע אין 1937 און 1938.

בינימין לאָסין — אוטאָר פֿון אילוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס ביכער „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“ (אין א רוסישער איבערזעצונג, מאָסקווע, 1954 און 1957; אין אַן אזערבײַדזשאַנישער איבערזעצונג פֿונעם רוסישן טעקסט, באַקו, 1961; אין א כינעזישער איבערזעצונג, שאַנכײַ, 1957; אין א טורקמעניִשער איבערזעצונג, אשכאַבאַד, 1961; „מײַסעס פֿאַר ייִדישע קינדער“ (רוסישע איבערזעצונג, מאָסקווע, 1936); „דאָס מעסערל“ (אוקראַיִנישע איבערזעצונג, קיִעוו, 1958; אזערבײַדזשאַנישע איבערזעצונג, באַקו, 1961), „דאָס דריידל“ און אַנד. דערציילונגען (אזערבײַדזשאַנישע איבערזעצונג, באַקו, 1962).

פֿאַניע פֿאָלישטשוק האָט אילוסטרירט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק „דאָס מעסערל“, מאָסקווע, 1936; „דער ליידיקגייער“, מאָסקווע, 1947; „פּײַטל און פּעדקע“ (אין א רוסישער איבערזעצונג, מאָסקווע, 1930); „דערציילונגען“, מאָסקווע — לענינגראַד, 1940.

צום אילוסטרירן באַזונדערע פּובליקאַציעס פֿון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק זײַנען צוגעצויגן געוואָרן פֿאָלגנדיקע קינסטלער: באָריס בעלאָפּאָלסקי — „לעך־לעכאָ“ אין אַן אוקראַיִנישער איבערזעצונג, כאַרקאָוו, 1930; סערגיי ווישנעפּאָלסקי — „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“ אין א טאַדזשיקישער איבערזעצונג, דושאַנבע, 1959; וולאַדימיר גאַלבאַ — „שימעלע“ און אַלעקסאַנדער גאַליאַרקין — „שאָך־טשעמפּיאָן“ (פֿאַרן זשורנאַל «Нева», 1959, נומ. 3), איראַקלי גאָרדעלאַדזע — „געקליבענע ווערק“ אין א גרוזינישער איבערזעצונג, טביליסי, 1961; פּ. דוסענקאָ — „בלאָנדזנדע שטערן“ אין א קאַזאַכישער איבערזעצונג, אַלמאַ־אַטאַ, 1965; לעוו זעווין — „מעסושעלעך“, מאָסקווע, 1937, מיכאל יאָ — „בערל־אײַזיק און אַנדערע דערציילונגען וועגן אַמעריקע“, מאָסקווע, 1948; יורי קראַסני — „דער פֿאַרקישעפֿטער שנײַדער“ אין א שפּאַנישער איבערזעצונג, מאָסקווע, 1959; אַלעקסאַנדער קאָראָטקין — „ריאַבטשיק, א ייִדישער קעלעוו“, מאָסקווע, 1948; דמיטרי לעאָן — „געווײלטע ווערק“ אין א רוסישער איבערזעצונג, ב. 6 (אין אים גייען אַרײַן „פֿונעם יאַריד“, „פּיעסן“), מאָסקווע, 1947; אַרקאַדי לוריע — „מענאַכעם־מענדל אין וואַרשע“, צוויי בריוו (פֿאַרן זשורנאַל «Огонек» נומ. 35 פֿון 1964); לעאָניד ראַביטשעוו — „יויסעף. דרײַ אַלמאָנעס“, מאָסקווע, 1948; געאָרגי טשיגאַנאָוו — „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“ אין אַן אוזבעקישער איבערזעצונג, טאַשקענט, 1959.

פֿאַראַן אילוסטרירטע ווערק שאָלעם־אַלייכעמס, וווּ די נעמען פֿון די אילוסטראַטאָרן זײַנען ניט אָנגעוויזן.

אייניקע קינסטלער האָבן אויסגעפֿורעמט בלויז די הילע פֿון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. דאָס זײַנען שמועל גאָלדמאַן, כאַיִם היגער, מיכאל ליבאַקאָוו, שימען מאַלט, גאַווריִעל פּוסטאָוואָיט, וואַלעריאַן שטשעגלאָוו.

ווײַטער ברענגען מיר ידיעות, וועלכע זײַנען פֿאַראַן אין אונדזער רשות וועגן די אויסלענדישע אילוסטראַטאָרן פֿון ווערק פֿון די ייִדישע קלאַסיקער אין דער איבערזעצונג אויף אויסלענדישע שפּראַכן. מערסטנטייל האָבן אָט די קינסטלער געאַרבעט איבער שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. דער אילוסטראַטאָר בען שאַן האָט אילוסטרירט די ענגלישע איבערזעצונג פֿון „אין קאַסרילעווקע" (דערשינען אין לאָנדאָן, 1973); בעכאַר מאַרקאָ — די בולגאַרישע איבערזעצונג פֿון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" (דערשינען אין סאָפֿיע אין 1962); אַדאַם ווירץ — די אונגאַרישע איבערזעצונג פֿון „טעוויע דער מילכיקער" און „שיר־השירים" (בודאַפּעשט, 1958—1959); דזשעמאַל טשעסאָווי — די טשעכישע איבערזעצונג פֿון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" (פּראָג, 1959); מיראָסלאַוו וואַזאַ — די טשעכישע איבערזעצונג פֿון „טעוויע דער מילכיקער" (פּראָג, 1958); פּעטער קליינשמידט — „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השׂגות" (בערלין, 1948); ראָכל שאַליט־מאַרקוס — „מאָטל פּייסי דעם חזנס" (אַ רעפּראָדוצירטע ליטאָגראַפֿיע פֿון אַן אַלבאָם, פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם זשורנאַל „רימאָן", העפֿט 2, 1922).

אַ גרויסע צאָל אילוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס ווערק זײַנען געבראַכט אין מעלעך גראַפּשטיינס בוך „די שאָלעם־אַלייכעם־פּאַנאָראַמע" (לאָנדאָן, 1948)[1]. אויסער דעם איז אונדז באַוווּסט וועגן אַ בוך פּוגעם „ייִוואָ" — „שאָלעם־אַלייכעם אין בילד", דערשינען אין בוענאָס־איירעס, 1959 (מיר האָבן דעם בוך ניט באַקומען).

אילוסטראַציעס פֿון אויסלענדישע קינסטלער צו מענדעלעס און פּרעצעס ווערק זײַנען פֿאַראַן גאַנץ ווייניק. זיי זײַנען געבראַכט אין די ביכער: „אַלע ווערק פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים" („כל כתבי מענדלי מוכר ספרים"), טעל־אָוויוו, 1956 (אילוסטרירט דורכן קינסטלער יהודה שווערין); אין קאַטאַלאָג (אויף איוורית) צו דער אויסשטעלונג צום אָנדענק פֿון יִצחק־לייבוש פּרעץ (ירושלים, 1965, מיט אילוסטראַציעס פֿון נײַן קינסטלער[2].

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" (נומער 5 פֿון 1965) זײַנען רעפּראָדוצירט געוואָרן אייניקע אילוסטראַציעס פֿון אַרטור קאָלניק (פֿון זײַן אַלבאָם פֿון צוואַנציק סטילאָגראַפֿיעס) צו פּרעצעס דערציילונג „דער גילגול פֿון אַ ניגון".

---

[1] אין גראַפּשטיינס בוך זײַנען רעפּראָדוצירט די אילוסטראַציעס פֿון פֿאָלגנדיקע אויסלענדישע (איבערהויפּט אַמעריקאַנער) קינסטלער: אַרמין, אווראַם, העלער, דיודני (Dewdney), קאָטלער, לאָלאַ, מאַלקע, פּיליכאָווסקי, רײַס, ראַפּאָרט, ראַסקין, פֿרידלענדער, שלאָס.

[2] אינעם קאַטאַלאָג זײַנען רעפּראָדוצירט די אילוסטראַציעס פֿון די קינסטלער בערגנער, באָגען, ווײַנלעז, ווערמוס, זילבורג, קראַטקאַ, שטיינהאַרדט. מיר ווייסן אויך וועגן אַן אַלבאָם פֿון פּופּציק אילוסטראַציעס פֿון יוסף בערגנער צו פּרעצעס „פֿאָלקס־דערציילונגען" (מאָנטרעאַל, 1950).

אונטערפירנדיק א סאכאקל צו די געבראכטע יעדיעס וועגן די איליו־סטרירטע אויסגאבעס פון די ווערק פון די יידישע קלאסיקער (לויט די אנגאבן אפן יאר 1977), קאן מען מאכן אזא אויספיר: די אלגעמיינע צאל סאוועטישע קינסטלער, וועלכע האבן איליוסטרירט די ווערק פון די יידישע קלאסיקער, באטרעפט ארום 50, אויסלענדישע קינסטלער — 30. סאכאקל זיינען דערשינען אין סאוועטנפארבאנד ארום 100 איליוסטרירטע ביכער פון די קלאסיקער, דער־רונטער 28 אף יידיש, 38 אף רוסיש, 14 — אף אוקראיניש און 17 אף די שפראכן פון אנדערע פעלקער. אף די ווערק פון שאלעם־אליינעם קומט אויס 85 פראצענט פון די איליוסטרירטע ווערק, אף די ווערק פון מענדעלע און פערעץ — 15 פראצענט. די אלגעמיינע צאל ביכער־איליוסטראציעס באַ־טרעפט מער פון 1200. אינעם זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד" זיינען פארעפנט־לעכט געווארן 30 איליוסטרירטע קינסטלערישע ביילאגעס, געווידמעט די קלא־סיקער. דאס ערשטע ארט אין דער צאל איליוסטראציעס פארנעמען שאלעם־אליינעמס ווערק „מאטל פייסי דעם כאזנס" און „מייסעס פאר קינדער".

צום שלוס קאן מען זאגן, אז די יידישע ביכער־גראפיק, באזונדערס צו די ווערק פון די קלאסיקער פון דער יידישער ליטעראטור, דערגרייכט אלץ א מער בעקאוועדיק ארט אין דער מאלעריי־קונסט. זי אינטערפרעטירט, דערקלערט און פארטיפערט די געשטאלטן פון די ליטעראַרישע ווערק און באקומט צומאל אויך א זעלבשטענדיקע ווערט. אזעלכע איליוסטראציעס ווערן דעמאנסטרירט אף די פערסאנעלע אויסשטעלונגען פון די קינסטלער, אין קונסט־גאלערייען און אין באזונדערע אויסגאבעס.

●

## פייזאזשן פון יידישע שטעטלעך און פון יידישע גאסן אין גרעסערע שטעט

די יידישע שטעטלעך און די יידישע גאסן אין גרעסערע שטעט, וועלכע פלעגן אינעם פאר־רעוואליוציאנערן רוסלאנד, אין די גרענעצן פונעם „טכום", אויסגעטיילט ווערן ספעציעל פאר יידן, האבן פארמאגט אין זיך כאראקטעריס־טישע עלעמענטן, אן אייגנארטיק פאנעם, וואס עס האט גאנץ לאנג זיך גע־האלטן ביז דער צווייטער וועלט־מילכאמע.

הויך־קינסטלערישע שילדערונגען פון אזעלכע ייִדישע שטעטלעך און גאסן אין גרעסערע שטעט טרעפן מיר אין די ווערק פון דער ייִדישער קלאסישער ליטעראטור.

מענדעלע מוכר־ספֿרים האָט אין זײַן סאטיריש ווערק „מאסאָעס ביניאָמין השלישי" (קאפ. X) געגעבן אזא בילד פון א ייִדיש שטעטל:

„...אז איר קומט אָן קיין גלופסק, זאָלט איר מוכל זײַן איבערשפּרינגען דאָרט איין בלאָטע... די צווייטע... די דריטע, סאמע די גרעסטע, וואָס אהינצו לויפן ארײַן, מעכילע, רינשטעקלעך, אי באלעבאטישע פאַמוּיניצעס... וועט איר, ראַבויסיי, גיין פארבײַ א היפּש בערגל מיסט, אָן איבערגעבליבענעם זייכער פון אַן אָפּגעבּרענט הײַזל... איבערקומענדיק אי דאָס בערגל, וועט איר גיין גלײַך... ביז איר וועט קומען אף עפּעס א מין פלאץ... דאָרט שטייען קלייטן, קליטלעך, שאַפּקעס, און די באקאנטע גנייווע־שאַפּקעלעך, ווו די באלמעלאָכעס זעצן דאָרט אָפּ דעם ייִטער... פון איטלעכער זײַט דישלעס פון וואָגנס און פארקנס... דאָרט שטייען טרעגערס, ארומגעגארטלט מיט גראָבע שטריק, אויסגעדינטע סאָלדאטן מיט אלטע כאָליעוועס... טאנדעטניקעס מיט אלטע טאכטוינים... אינמיטן שטייט דער פּאני סטאַראָזש... קעשענע־גאנאָווים דרייען זיך דאָרט ארום... א פּעקל ווײַסע־כעוורע לויפט דאָרט מיט א הו־הא נאָך עפּעס א מעשוגענעם... דאָרט זיצן שורעסווײַז אויסגעזעצט ייִדענעס מיט מולטערס, פול אָנגעלייגט מיט בינט־לעך קנאָבל, מיט אוגערקעס, קאַרשן, אגרעסן, ווײַמפּערלעך, ערעץ־ייִסראָעל־עפּעלעך, קאָלנידרע־בארעלעך... דאָרט אונטער א מין דעכל, באדעקט מיט עט־לעכע פארשימלטע ברעטלעך, מיט איבערגעפוילטע שטרוי און ראָגאָזשעס, אָנגעשפּארט אף פיר קרומע אויסגעבויגענע סלופּעס, זיצט דוואָסיע די סעדעכע, ארומגערינגלט פון אלע זײַטן מיט מולטערס, בא איר געפינט זיך טאָמיד איר גרויער פײַערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי אף אים, ווי א קוואָטשקע אף די אייער, דעם גאנצן טאָג קעסיידער, נאָר וואָס זי כאַפּט אים אמאָל פון אונטער איר ארויס אונטערצובלאָזן די קוילן און ארויסנעמען פונעם אש געבראָטענע קאַר־טאָפליעס... פיל הײַזער זײַנען דאָ אין גלופּסק, וואָס זעען בעעמעס אויס נאָר ווי לעכער... און פון זייער שטיין זעט אויס ווי זיי זײַנען איינער דעם אנדערן ניט שאָווע־בעשאָווע. דו שטייסט ארײַנגערוקט, וויל איך מיר שטיין ארויסגע־רוקט, דו שטייסט פּאָפּערעק, איך וויל שטיין קאַפּויער, דו ווילסט אין דרויסן א טרעפּל, און איך דאַפקע א לייטערל... און אז דו האָסט מעשונע הויך פאַריסן דײַן פארלאָטעט דעכל, נו האלט איך מיר מײַן דעכל דאפקע אראָפּגערוקט..."

אין שאָלעם־אליינעמס „נײַ־קאסרילעווקע (גאנץ בערדיטשעוו) און קאסרילעווקער פּראָגרעס" איז באוויזן א שטעטל — א שטאָט מיט א געזעל־שאפטלעכן טראנספּאָרט, מיט האָטעלן, רעסטאָראנען, שענקען, פּאָזשארנע קאָמאנדע אדג.

אָט איז אַן אויסצוג פון שאָלעם־אַלייכעמס „קליינע מענטשעלעך מיט קליי־נע האַסאָגעס".

„ — איר ווילט אַוואַדע וויסן, וויאַזוי זעט אויס קאַסרילעווקע?.. פונדער־ווייַטנס כאַפּט דאָס דעם אָנבליק פון א... סאָנישניק, וואָס איז געדיכט אָנגע־זעצט מיט טעמעטשקעס, אָדער פון אַ לאָקשנברעט מיט פאַרפל אַ סאַך... אַף דער שטאָט האָט זיך אָנגערוקט אַ באַרג און אונטערן באַרג שטייען הייַזלעך אַ סאַך, איינס אַף דאָס אַנדערע, ווי קוואָרים אַף אַן אַלטן בעסוילעם, ווי אַלטע שוואַרצע אייַנגעבויגענע מאַציייוועס. קיין גאַסן איז ניט שייַעך צו זאָגן, מאַכמעס די הייַזער גייען ניט געבויט, אויסגערעכנט און אויסגעמאָסטן נאָכן צירקול, און קיין סאַך פּלאַץ צווישן די הייַזער איז אויך ניטאָ... פונדעסטוועגן, האָט קיין יעסורים ניט, פאַראַן גאַסן אויך, גרויסע גאַסן און קליינע געסלעך, און שמאָלע געסלעך, און הינטערגעסלעך. איי וואָס, ס'איז ניט עפּעס אַזוי גלייַך, אַ ביסל געדרייט, באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף, און פּלוצעם נאָט אייַך אַ שטוב אָדער אַ קעלער אָדער גלאַט אַ גרוב?.. און ווייַטער איז פאַראַן אינמיטן שטאָט אַ ברייַ־טער האַלב־קייַלעכיקער און עפּשער אַ פירעקעכיקער פּלאַץ, וואָס דאָרטן זייַנען די קלייטן, די געוועלבלעך, די יאַטקעס, טישלעך און שטעלעכלעך... און דאָרטן טאַקע אַף דעם זעלבן פּלאַץ ליגן אויסגעצויגן באַטאָג אַלע ציגן פון שטאָט... און דאָרטן טאַקע זייַנען לעהאַוודל די באָטעמעדראָשים, מיט די שולן, מיט די קלייַזלעך, מיט די כאַדאָרים פון שטאָט... און אויך דאָס מערכעץ, ווו ווייַבער באָדן זיך, און אויך דער „העקדעש", ווו יידן שטאַרבן, און אַלע איבעריקע גוטע ערטער, וואָס לאָזן זיך הערן פונדערווייַטן... מיט וואָס קאַסרילעווקע מעג זיך יאָ באַרימען — דאָס איז מיט אירע בעסוילעמס — אַן אַלטן בעסוילעם און אַ נייַעם..."

בילדער פונעם שטעטל קאָן מען טרעפן בא י.־ל. פּערעצן, ש. אַשן, ד. בער־געלסאָנען און אַנדערע יידישע שרייַבער.

אין דער מאָלערייַ־קונסט איז די דאָזיקע טעמאַטיק אויך באַוויזן, אָבער אַ סאַך פייזאַזשן פון יידישע שטעטלעך זייַנען בייַס דער הערשאַפט פונעם פאַשיזם פאַרפאַלן געוואָרן און זייערע רעפּראָדוקציעס האָבן זיך ווייניק פאַרהיט. נאָך אַ לאַנגן זוכן מאַטעריאַלן אַף דער דאָזיקער טעמע האָט זיך אייַנגעגעבן אָפּגע־פינען אַרום 200 גראַפישע און מאָלערישע ווערק פון בעערעך פופציק קינסט־לער.

אין אַ סאַך פייזאַזשן זייַנען באַוויזן בילדער פון רעאַלע יידישע שטעטלעך און פון יידישע גאַסן אין גרעסערע שטעט, ס'זייַנען אַנגעוויזן די דאַטעס, ווען די פייזאַזשן זייַנען געמאָלט געוואָרן. געשאַפן זיי האָבן אין גרעסטן טייל קינסט־לער, וואָס שטאַמען גופע פון די דאָזיקע שטעטלעך. די פייזאַזשן זייַנען אָפט

געמאָלט אַלס אילוסטראַציעס צו ליטעראַרישע ווערק אויף יידישע טעמעס. אייניקע פון זיי גרענעצן מיט זשאַנער־ווערק.

די מערהייט פון די פּייזאַזשן האָבן געמאַכט באַוווּסטע קינסטלער: ט. קאַפּלאַן, מ. שאַגאַל, נ. אַלטמאַן, מ. אַקסעלראָד, מ. גלוסקין, מ. דאָבוזשינסקי, ס. יודאָווין.

עס זײַנען פֿאַראַן ידיעות וועגן מאָלערישע ווערק, וועלכע האָבן בעשײַטע זיך געפונען אין מוזייען אָדער אין פּריוואַטע בילדער־זאַמלונגען — פּייזאַזשן פון די שטעטלעך פון אוקראַינע אָדער פון יידישע קוואַרטאַלן אין גרעסערע שטעט: אומאַן, בערדיטשעוו, ווינִיצע, זשיטאָמיר, טשערנאָוויץ, מעדזשיבאָזש, נעמיראָוו, סלאַוווּטע, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, קיִעוו, שעפּעטאָווקע.

וועגן אַ בערדיטשעווער פּייזאַזש ווערט דערמאָנט אין דער רעשימע פון נאַטאַן אַלטמאַנס ווערק (מאָלערײַ, 1911).

ווינִיצע קאָן מען זען אויף נ. אַלטמאַנס קסילאָגראַווויר (אַ ווינִיעטקע, אינעם אַלבאָם פון זײַנע שאַרזשן „כוואַליענדיק וואַסער", 1912), אויף די בילדער פון מ. דראַק (1947—1949, ווינִיצער קאַנט־מוזיי) און אויף אַ. ניורענבערגס צייכענונג־ציקל (1926—1929). אַ. ניורענבערג האָט אויך געמאָלט דעם נעמיראָווער פּייזאַזש.

זשיטאָמיר און קיִעוו (די ראַיאָנען פּאָדאָל, יידישער מאַרק) פיגורירן אויף די בילדער פון ד. שטערנבערג (מאָלערײַ, 1914, „ס. ה." נומ. 3 פון 1978). קעשענעווער און טשערנאָוויצער פּייזאַזשן קאָן מען זען אויף די בלײַער־צייכענונגען פון ט. קאַפּלאַן (1940), קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער פּייזאַזשן — אויף דער צייכענונג פון ש. גרוזבערג („ס. ה." נומ. 3 פון 1973).

די שטעטלעך מעדזשיבאָזש, סלאַוווּטע און שעפּעטאָווקע זײַנען אָנגעמאָלט אין אַ. גלוסקינס אַקוואַרעלן־ציקל פון 1927 (אייניקע פון זיי זײַנען רעפּראָדוצירט אין „ס. ה." נומ. 9 פון 1968 און נומ. 12 פון 1970), אויך אין וו. מידלערס צייכענונגען („אַ גאַס אין מעדזשיבאָזש", „ס. ה." נומ. 2 פון 1979). אויך טשערנאָוויץ האָט געשילדערט ב. טוטעלמאַן („טשערנאָוויצער מאָטיוון", אין „ס. ה." נומ. 4 פון 1976 און נומ. 7 פון 1979).

אומאַנער פּייזאַזשן האָבן געמאָלט נ. אַלטמאַן (גרויע קוילן, קרײַד, 1909, זאַמלונג פון אַ. ריבאַקאָווא, לענינגראַד), מ. בערקאָס (מאָלערײַ 1895, כאַרקאָווער מוזיי) און ה. אינגער (גראַפיק, 1928; „ס. ה." נומ. 3 פון 1974).

פון די אַרבעטן וועגן די יידישע יישובים אין ווײַסרוסלאַנד האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקײַט די ווערק פון די קינסטלער, וועלכע האָבן געמאָלט פּייזאַזשן פון ביאַליסטאָק, וויטעבסק, זשלאָבין, מאָהילעוו, מינסק, נאָוואָהרודאָק, ראַדאָשקאָוויטשי, ראָהאַטשאָוו, רעזשיצע.

ביאַליסטאָקער פּייזאַזשן האָט געמאָלט מ. אַקסעלראָד (גואַש, 1940). עס זײַנען באַוווּסט פּייזאַזשן פֿון וויטעבסק: מ. דאָבוזשינסקיס (בלײַער, 1918, רוסישער מעלוכע־מוזיי אין לענינגראַד און אַנד.), ס. יודאָווינס (אינעם ציקל קסילאָגראַװיורן „פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט“, 1922—1928), י. פּענס (מאָלערײַ, וויטעבסקער און מינסקער קונסט־מוזייען), ר. פֿאַלקס (מאָלערײַ, 1920, פֿון ס. ריכטערס פּריוואַטער זאַמלונג, מאָסקווע), א. קאַפּלונס (קסילאָגראַװיור, 1927, סאַראַטאָווער קונסט־מוזיי); מ. קוניס (מאָלערײַ, 1920, „ס. ה.“ נומ. 8 פֿון 1973), מ. שאַגאַלס (מאָלערײַ, 1914). צייכענונגען פֿון זשלאָבין און ראָהאַטשאָוו האָט געמאַכט ט. קאַפּלאַן (קויל, 1949—1954, „ס. ה.“ נומ. 1 פֿון 1973 און נומ. 3 פֿון 1978).

דעם אַלטן מינסק קאָן מען זען אויף די פּייזאַזשן פֿון נ. אַלטמאַן (גראַפֿיק און איטאַליענישער בלײַער, 1926, טרעטיאַקאָווער גאַלעריי), מ. אַקסעלראָד (טעמפּערא, 1968, מעלוכישער קונסט־מוזיי פֿון ווססר, „ס. ה.“ נומ. 8 פֿון 1970 און 1975), ב. מאַלקין (אָפּאָרט, 1939). דאָס שטעטל נאָוואָהרודאָק האָט געמאָלט או. זיסלין (אַקוו. „ס. ה.“ נומ. 10 פֿון 1969); דאָס שטעטל ראַדאָשקאָוויטשי — ל. ראַן („ס. ה.“ נומ. 6 פֿון 1974), דאָס שטעטל רעזשיצע — אי. שערמאַן (מאָלערײַ, אין די 20־ער יאָרן).

פֿון די באַלטישע שטעט איז דער וויכטיקסטער יִידישער צענטער געווען ווילנע. ווילנער פּייזאַזשן האָבן געמאָלט די קינסטלער נ. אַלפּערט („ווילנע ערעוו דער מילכאָמע“, „די ווילנער געטאָ“, א ציקל אַקוואַרעלן, 1965—1966; „ס. ה.“ נומ. 12 פֿון 1965; נומ. 6 פֿון 1971, נומ. 11 פֿון 1974 און נומ. 6 פֿון 1977), ל. אַנטאָקאָלסקי („א ווינקל פֿון דער אַלטער ווילנע“, „א קרעמל אין ווילנע“, „א סינאַגאָגע אין ווילנע“, גראַפֿיק, 1909, „ייִד. ענצ.“ ב. 5), מ. אַקסעלראָד („א הויף אויף אַנטאָקאָלסקי־גאַס“, „די כורבוינעס פֿון דער געטאָ“, טעמפּערא, 1961), מ. דאָבוזשינסקי („א הייפֿל אין ווילנע“, אַקוואַרעל, 1902; „אַן אָמניבוס אין ווילנע“; פּאַסטעל, 1906—1907, רוסישער מעלוכע־מוזיי אין לענינגראַד), אי. זילבערמאַן („א גאַס אין דער אַלטער ווילנע“; „ס. ה.“ נומ. 1 פֿון 1974), ש. ראָזין („רויִנעס פֿון ווילנער געטאָ“, „די אַלטע ווילנע“, גראַװיור־ציקלען, 1963—1968).

קאָוונע איז באַוויזן אינעם ציקל קסילאָגראַװיורן פֿון כ. פֿײַנשטיין, 1934—1936.

די ייִדישע קוואַרטאַלן אין טביליסי האָט געמאָלט מ. דזשאַנאַשווילי (א ציקל אַקוואַרעלן, 1955, „ס. ה.“ נומ. 1 פֿון 1976).

א באַזונדערע גרופּע שטעלן מיט זיך פֿאָר די פּייזאַזשן אונטערן אַלגעמײַנעם נאָמען „דאָס שטעטל“ (קיין קאָנקרעטע נעמען פֿון די שטעטלעך זײַנען ניט אָנגעוויזן). אַזעלכע פֿאַראַלגעמיינערטע בילדער האָבן געשאַפֿן די קינסטלער

נ. אַלטמאַן (מאָלעריי, 1913, זאַמלונג פון אי. אָקונעווא, לענינגראַד; גראַפיק, 1915), ב. אַראָנסאָן (קסילאָגראַווירן, 1920), מ. גאַרשמאַן (אַלבאָם פון אווטאָליטאָגראַפיעס, 1928), ז. טאָלקאַטשאָוו (אַלבאָם פון צייכענונגען, 1946), ס. יודאָווין (קסילאָגראַווירן פונעם ציקל „פאַרגאַנגענע צייטן“, 1924—1938), ע. ליסיצקי (אילוסטראַציעס צו „ייִנגל־צינגל־כוואַט“, 1918; די מאַרקע פונעם פאַרלאַג „ייִדישער פאָלקס־פאַרלאַג“, 1919), א. מאַנעוויטש (ציקל פייזאַזשן פון די 10־ער יאָרן), ט. קאַפּלאַן (ליטאָגראַפיעס אינעם ציקל „סטעמפעניו“, 1960־ער יאָרן), ס. קאַפּלאַן (צייכענונגען, „ס. ה.“ נומ. 5 פון 1979), י.־ב. ריבאַק (אַלבאָם — צייכענונגען פון 1923) און אַנד.

אויסער די אַלגעמיינע בילדער פון שטעטלעך און פלעצער זיינען אויף אייניקע פייזאַזשן געמאָלט ווויך־הייזער און געזעלשאַפטלעכע ביניאָנים, האַנדלס־אַנשטאַלטן און קאָמונאַלע אונטערנעמונגען, וועלכע שילדערן דעם ייִדישן לעבנשטייגער און די עקאָנאָמיק פונעם אַנטשפּרעכיקן צייט־פּעריאָד.

די ייִדישע הייזער אין די שטעטלעך האָבן זיך אויסגעטיילט מיט אייניקע באַזונדערהייטן. קעדיי שפּאָרן פּלאַץ, האָט מען אָפט גענוצט אַן אָנגעבויגענעם רעליעף פון דער טעריטאָריע, קעדיי קאָנען שטעלן א האַלב־קעלערדיקן שטאָק. בעם אַרייַנגאַנג אין שטוב פלעגט מען צומאָל אויפשטעלן א געדעקטע טעראַסע אָדער א וועראַנדע מיט א דאַך, וואָס צעעפנט זיך. אַזאַ געביידע האָט געדינט אַלס א סוקע אינעם יאָמטעוו סוקעס. אַמאָל פלעגט מען בויען א שטענדיקע סוקע, אַמאָל א פאַנאַנדערגענומענע סוקע, וועלכע מע פלעגט א גאַנץ יאָר האַלטן אויף דער טעראַסע.

אין צווייִשטאָקיקע הייזער פלעגט מען אַרויפגיין צום צווייטן שטאָק אויף טרעפּלעך פון א שמאָלן לייטער, וועלכן מע פלעגט צובויען צום זייטיקן פאַסאַד, אָדער דורך אָפענע ברייטע פאַראַד־טרעפּ, וואָס פירן צו דער אַרויסגאַנג־טיר.

קעדיי די הייזער זאָלן קאָסטן ביליקער, האָט מען די בויונג אָפט געפירט אַבי־ווי. אינגיכן נאָך דער בויונג פלעגן די הייזער ווערן כורוועס, וועלכע מע האָט געמוזט אונטערשפּאַרן מיט שטאַנגען אָדער ברעטער.

די וווין־הייזער זיינען באַוויזן אויף פאָלגנדיקע פייזאַזשן: מ. אַקסעלראָד („הייזער אין מינסק“, אַקוואַרעל, 1929), א. גלוסקין („א הייזקע אין דער פּראָווינץ“, „ס. ה.“ נומ. 2 פון 1970), ז. טאָלקאַטשאָוו (אַלבאָם „דאָס שטעטל“), י. פּען („דאָס הויז, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן“, מאָלעריי, 1900, מינסקער קונסט־מוזיי. „ס. ה.“ נומ. 6 פון 1965), מ. שאַגאַל („א הויז אין שטעטל ליאָזנאָ“, מאָלעריי, 1914, טרעטיאַקאָווער גאַלעריי; „דאָס בלויע הויז“, „ס. ה.“ נומ. 4 פון 1964), ד. שטערנבערג („ייִדישע הייזער אין זשיטאָמיר“, מאָלעריי, 1944).

אייגנאַרטיק האָבן אויסגעזען די אַכסאַניעס און קרעטשמעס. אייניקע פון זיי זײַנען באַוויזן אויף ליטאָגראַפיעס און מעטאַלאָגראַפיעס פון אומבאַקאַנטע קינסטלער פונעם פאָריקן יאָרהונדערט אויך אין פאָלגנדע ווערק: מ. אַקסעלראָדס „לעם אַן אַכסאַניע" (גואַש, 1968), א. גלוסקינס „אַן אַכסאַניע אין שטעטל" (גראַפיק, 1928).

דער אינטעריער פון אַ שטעטלשער פאַבריקמאַכערײַ איז באַוויזן אין איינעם פון מ. שאַגאַלס פרײַיקע ווערק („אַ פאַבריקמאַכערײַ", מאָלערײַ, 1914, טרעטיאַקאָווער גאַלעריי).

אין שטעטל האָבן די סילועטן פון די פײַערלעשער־קאַלאַנטשאַען און קלויסטערס, ווי אויך אין אייניקע ערטער פון די סינאַגאָגעס, דאָמינירט איבער די וווינ־הײַזער.

לויט דער פאָדערונג פון די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געווײַנלעך די בנינים פון די ייִדישע סינאַגאָגעס ניט געטאָרט זײַן העכער פון געווײַנלעכע וווינ־הײַזער און זיך ניט אויסטיילן מיט זייער אויסערלעכן אויסזען, כּדי „ניט צוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די קריסטן". אין אייניקע שטעטלעך אָבער האָבן ביז דער מלחמה זיך פאַרהיט פאַרצײַטיקע סינאַגאָגעס מיט אַן אימפּאָזאַנטער אַרכיטעקטור. די געמויערטע פאַרצײַטיקע סינאַגאָגעס פונעם אַזוי־גערופענעם „פעסטונג־טיפּ", וועלכע האָבן געטויגט אויף צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דעם סוינע, זײַנען געווען גראָדעקיק, מיט דיקע ווענט. מעכטיקע קאָנטער־פאָרסן, מיט אַ הויכן קונציקן פעסטונג־וואַל, וואָס האָט פאַרמאַסקירט דעם דאַך און געהאַט שיס־פונקטן. די פאַרצײַטיקע הילצערנע סינאַגאָגעס האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייערע הויכע און פילצאָליקע אינערלעכע שטאָקן, וועלכע זײַנען באַשטאַנען פון טרעפּ מיט דעכער, וואָס האָבן געשאַפן די מעגלעכקייט צו אײַנאָרדענען צומאָל אַן אינערלעכן דעקאָרירטן באַלקן. די פענצטער זײַנען געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז זיי האָבן זיך געפונען אין סאַמע שפּיץ פונעם בנין און פלעגן צומאָל שאַפן צוויי שײַן־קאַלירן. אין דער מיזרח־וואַנט האָט איבערן אָרן־קודש זיך געפונען אַ קײַלעכדיק פענצטער מיט קאָלירטן שויבן־גלאָז. די אינערלעכע וואַנט אין דער סינאַגאָגע איז צומאָל באַפּוצט געוואָרן מיט קאַליגראַפישן שריפט. דער אָרן־קודש איז געווען באַזאָרגט מיט הילצערנע שניצערײַען און באַפּוצט מיט גאָלד, די בימה — אַרומגערינגלט מיט אַ דעקאָראַטיווער נעץ און באַקרוינט מיט אַ קופּאָל.

די צייכענונגען פון די אינטעריערן פון באַוווּסטע סינאַגאָגעס האָבן געמאַכט ל. אַנטאָקאָלסקי („די מיזרח־וואַנט פון דער ווילנער גרויסער שול", „דער אינערלעכער אויסזען פון דער ווילנער אַלטער שול". פען־צייכענונג, 1909, „ייד. ענצ.", באַנד 5, בײַלאַגע, ז. 572), יא. גלאַזנער („דער אינערלעכער אויסזען פון דער לוואָווער סינאַגאָגע". פּאַסטעל, לוואָווער קונסט־מוזיי), ע. ליסיצקי

(„באַפּוצונג פונעם באַלקן אין דער מאָהילעווער סינאַגאָגע". זאַמלונג „רמון", נומ. 3, 1923).

דער אינערלעכער אויסזען פון די סינאַגאָגעס איז באַוויזן אויף די ציכענונגען פון ג. לוקאָמסקי („אַ סינאַגאָגע", 1910־ער יאָרן, רוסישער מעלוכעמוזיי אין לענינגראַד; „אַ געמויערטע סינאַגאָגע אין גוסיאַטינע", בערעך 1915), י.־ב. ריבאַק („די סינאַגאָגע אין שקלאָוו", „די אַלטע סינאַגאָגע אין שטעטל דובראָוונע". גראַפיק, 1917, אויך דער אַלבאָם „דאָס שטעטל", בערלין, 1922) און ס. יודאָווין („די זאַקרוטשענסקער סינאַגאָגע", קסילאָגראַוויור 1922 און אַנד. פונעם ציקל „פאַרגאַנגענע ציַיטן").

דער האַנדל אין די שטעט און שטעטלעך איז געפירט געוואָרן דעריקער אויפן מאַרק — פון די וועגענער, אין די קלייטן, קרעמלעך און האַנדלס־רייען. אין אייניקע שטעט, אַשטייגער אין אומאַן, האָט זיך פאַרהיט אַ פאַרציַיטיקע געמויערטע אַכסאַניע אין דער פאָרם פון אַן עליפּס. דער הויף באַשטייט פון קליינע האַנדלס־לאָקאַלן, וועלכע שטייען האַרט איינער צום צווייטן פון דעם אַרומגערינגלטן מיט זיי הויף.

אויף דער דאָזיקער טעמאַטיק זיַינען פאַראַן ווערק פון ל. אַנטאָקאָלסקי („אַ קרעמל אין ווילנע"), מ. גאָרשמאַן („אַ מאַרק", אוּטאָליטאָגראַפיע פונעם ציקל „שטעטל", 1928), ס. יודאָווין („אַ מאַרק", „בײַ דער קראָם", קסילאָגראַווירן פון די 20־ער יאָרן), וו. מידלער („אַ מאַרק אין שטעטל", 20־ער יאָרן), ק. סאַוויצקי (אינעם אַלבאָם „דאָס שטעטל" — „אַ מאַרק אין אַ יידיש שטעטל", „אַ יידיש קרעמל פון ליים־געפעס", צייכ. אין זשורנאַל «Пчела» נומ. 1 פון 1877), נ. פימענאָווסקי („אויפן יאַריד", מאָלעריַי, 1898), א. קיווּשענקאָ („אַ יאַריד אויף אוקראַיִנע", מאָלעריַי, 1882; סווערדל. קינסטלערישע גאַלעריי), י.־ב. ריבאַק („דער פיש־מאַרק", גראַפיק, 1916), י. שערמאַן („אַ מאַרק אין דער שטאָט רעזשיצע", מאָלעריַי, 1928).

די קאָמונאַלע ווירטשאַפט אין די יידישע שטעט איז באַשטאַנען פון שעכטהיַיזער און בוינעס, ווו מע פלעגט קוילענען לויטן יידישן דין אויפעס און פי. אַ שעכט־הויז פאַר אויפעס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָפגעצאַמטן באַצירק (געוויינלעך נאָענט פונעם מאַרק) מיט פאַלאַטקעס, ווו עס האָט זיך געפונען דער שויכעט און די הענגערס פאַר די געקוילעטע אויפעס. אונטער די הענגערס אַ קאָרעטע פאַרן ריַינענדיקן בלוט. דאָס שעכט־הויז פאַרן פי (די בוינע) האָט זיך געפונען אין עק שטאָט. דאָס בילד פון אַ בוינע איז באַוויזן אויף א. טישלערס אַ צייכענונג (טוש, פען, 1925, טרעטיאַקאָווער גאַלעריי).

אויף דער שטעטל־גאַס זיַינען געווען אויך געוויסע עלעמענטן פון וווילאיַינאָרדענונג — אַ פאָנאַר אויף באַלײַכטן די גאַס (צוערשט אויף קעראָסין, דערנאָך אויף גאַז), אַ ברונעם מיט אַ הייב־שטאַנג, שפּעטער אַ וואַסער־קאָלאָנקע.

באַזונדערס קאָן מען זיי זען אױף ז. טאָלקאַטשאָווס צייכענונג (אינעם אַלבאָם „דאָס שטעטל"). כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פֿאַרשיידענע פּעריאָדן זײַנען געווען די טראַנספּאָרט־מיטלען: פֿורן מיט כּעסלעך וואַסער, אַסעניזאַציע־ און פֿײַערלעשער־אַבאַזן. בילדער פֿון וואַסערפֿירער קאָן מען זען אױף די צייכענונגען פֿון נ. אַלפֿערט („ס. ה." נום. 6 פֿון 1977), ה. אינגער („ס. ה." נום. 6 פֿון 1977) און י.־ב. ריבאַק (אַלבאָם „דאָס שטעטל"). דאָס וואַסער פֿלעגט מען טראָגן אין עמערס מיט קאָראָמיסלען (זע צייכענונג אין טאָלקאַטשאָווס אַלבאָם).

א ביסל ווײַטער פֿונעם שטעטל האָט זיך געפֿונען אַן אַרומגעצאַמטער ייִדישער בעסוילעם, באַם אַרײַנגאַנג אױפֿן בעסוילעם — דאָס טאַרע־שטיבל (ווו מע האָט מטהר געווען דעם מת) און א בינין, ווו עס האָט געלעבט דער שומר פֿונעם בעסוילעם. אױף א סאַך בעסוילעמס זײַנען געשטאַנען ווערטפֿולע אַלטע מאַצייוועס מיט רעליעפֿע אױפֿשריפֿטן און סימבאָלישע בילדער, אױף די קוואָרים פֿון רײַכע לײַט און צדיקים פֿלעגט מען אױסבויען אוהעלס. אַלס בײַשפּיל קאָן מען אָנרופֿן דעם אוהעל אױפֿן קייווער פֿון די גינזבורגס אױפֿן לענינגראַדער ייִדישן בעסוילעם און דעם אוהעל אױפֿן קייווער פֿון נאַכמען בראַצלאווער אין אומאַן (נאַכמען בראַצלאַווערס פּאָטאָ איז גענומען פֿון ש. גאָראָדעצקיס בוך „הגן רעב נאַכמענען", דערשינען אין בערלין אין 1923). די פֿאַשיסטן האָבן כּאָרעוו געמאַכט די מערהײַט ייִדישע בעסוילעמס, די מאַצייוועס צעמאָלט און מיט זיי ברוקירט די גאַסן.

די פֿייזאַזשן פֿון די ייִדישע בעסוילעמס האָבן געמאָלט נ. אַלפֿערט („דער ייִדישער בעסוילעם אױף זאַרעטשיע אין ווילנע", אַקוואַרעל, 1964), ב. מאַלקין („ייִדישע קוואָרים", אָפּאָרט, 1935), י.־ב. ריבאַק („אױפֿן בעסוילעם", אַלבאָם „דאָס שטעטל"), מ. שאַגאַל („א ייִדישער בעסוילעם", גראַפֿיק, 1917), י. טרוש („דער ייִדישער בעסוילעם אין לוואָוו", אַקוואַרעל).

אין דער אױסלענדישער קונסט איז די צאָל ווערק אױף דער אָנגערופֿענער טעמאַטיק אויך ניט קיין גרויסע. עס זײַנען פֿאַראַן יעדיעס וועגן אייניקע אַזעלכע ווערק בא די קינסטלער פֿון פּוילן: א. אָרלאָווסקי („א פּויליש שטעטל אין א מאַרק־טאָג", מאָלערײַ, 1797 און „א קרעטשמע אין שטעטל", טוש, אַקוואַרעל, 1800), נ. געלבערזאַנסקאַ („הײַזער", קסילאָגראַווױר פֿון 1934), ג. גראָסמאַנאָוו („הײַזקעס, וועלכע וואַרפֿן זיך ניט אין די אויגן", קסילאָגראַווױר, 1937), אי. ליכטענשטיין („דאָס שטעטל" און „א סינאַגאָגע", אָפּאָרטן), פּ. פּאַקנאָווסקאַ („דאָס שטעטל", א טרוקענע נאָדל, 1928), ר. כוואָלעס („מײַנע פּאַלאַצן", מאָלערײַ, 1957, „ס. ה." נום. 4 פֿון 1966). אַכוץ דעם, קאָן מען דערמאָנען די ווערק פֿון ע. ליליען („דער אינטעריער פֿון א סינאַגאָגע", עקסליבריס פֿון אי.־צ. באַרדאַ), יאַ. מאָטייקאָ („די סינאַגאָגע אין אָסטראָפּאָל", מאָלערײַ), אַן

אומבאקאנטער קינסטלער („די אלטע קראָקער סינאגאָגע אין דער פאָרשטאָט קאזימערזש", „ייד. ענצ.", באנד 9).

מיר ווען אָנרופן נאָך אייניקע ווערק פון אויסלענדישע יידישע קינסטלער:

ק.־ר. הינקער (צייכענונגען פון יידישע הײַזער, סינאגאָגעס, גאסן און בעסוילעמס אין דער שטאָט לובלין); מ. ליבערמאן („די יידישע גאס אין אמ־סטערדאם", מאָלערײַ, 1909, אָפאָרט, 1921); ב. מאנפעלד („דער אינטעריער פון דער סינאגאָגע אלטנײַשול אין פראָג", מאָלערײַ, 1885); א. ראפאָפאָרט („א מארק אין שטעטל", מאָלערײַ, 30־ער יאָרן); יא. רייסדאל („א יידישער בעסוילעם", מאָלערײַ, 1660—1670; רעמבראנדט („א סינאגאָגע", אָפאָרט, 1648). בילדער פון א סאך פארצײַטיקע סינאגאָגעס מערסטנטייל אף גראוויורן קאָן מען זען פון אומבאקאנטע קינסטלער, וועלכע זײַנען רעפּראָדוצירט גע־וואָרן אין א ריי ארכיטעקטור־אויסגאבעס: ג. שטרוק („פייזאזשן פון יידישע קווארטאלן פון ווילנע און גראָדנע". ליטאָגראפיע, 1916).

די פייזאזשן מיט שילדערונגען פון די יידישע יישווים האָבן פארהיט פאר די קומענדיקע דורעס דעם אָנדענק וועגן דעם יידישן לעבנשטייגער פון די פארגאנגענע דורעס בא דער יידישער באפעלקערונג פון אייראָפּע. די דאָ־זיקע פייזאזשן זײַנען אן איליוסטראציע און אין א געוויסער מאָס א צוגאָב צו די ליטערארישע דענקמעלער.





# אינהאלט

## לייענט און פארשפרייט
## דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד"!

די אבאָנירונג אפן זשורנאל ווערט אָנגענומען אין אלע אָפּטיילונגען פון „סאָיוזפּעטשאט" אָן באגרענעצונגען.

די אבאָניר־פּרייַז אף „סאָוועטיש היימלאנד" צוזאמען מיט דער כוידעשלעכער ביכער־בייַלאגע:

אף א יאָר — 9 רובל מיט 60 קאָפּיקעס
אף 6 כאדאָשים — 4 רובל מיט 80 קאָפּיקעס
אף 3 כאדאָשים — 2 רובל מיט 40 אָקפּיקעס

יִסראָעל קאָוועלמאַן

נאָטיצן וועגן ייִדישער גראַפיק
און מאָלערײַ־קונסט

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1987, 64 זײַטן
קינסטלערישע און טעכנישע רעדאַקטור —
ס. טשערניאַק, יע. טשערנינע
קאָרעקטאָר — כ. אָסטראָווסקי

**Израиль Ковельман**

ЗАМЕТКИ О ЕВРЕЙСКОЙ ГРАФИКЕ
И ЖИВОПИСИ

М., «Советский писатель», 1987, 64 стр.
Под общей редакцией А. Вергелиса
Художественная и техническая редакция
С. Черняк и Е. Чернина
Корректор Х. Островский

